אייזיק מירסקי

# איד בין געפֿאָרן קיין ישראל

באַשריבן און באַמאָלן מיט אַלע פּישטשעווקעס



בוענאָס־איירעס

תשי״ג 1953

# אינהאלט



## ערשטער טייל



## צווייטער טייל



Mi debut como periodista

מיין ערשטער אַרויספּאָר ווי אַ שרייבער. — אויף דער שיף „דזשוליאָ צעזאַרע״

# אַ וואָרט צו שרייבער און צו לייענער

איך געפֿין פֿאַר נייטיק אַנטשולדיקן זיך פֿאַר אייך, וואָס איך, אַ פּשוטער ייד פֿון אַ גאַנץ יאָר, האָב זיך אויפֿגעכאַפּט אין מיטן מיטוואָך און איך האָב זיך גענומען צום שרייבן. איך גיי זיך חלילה נישט פֿאַרהערן מיט קיינעם אין הלכות שרייבעריי און איך וויל חלילה ניט קאָנקורירן מיט פּראָפֿעסיאָנעלע שרייבער. איך וועל דאָס שרייבעריי ניט מאַכן פֿאַר מיין פּראָפֿעסיע. אָט ווי איך בין ניט קיין שרייבער, דרייען זיך מיר שטענדיק אַרום מאמרים און פּסוקים אין קאָפּ. איך קען כמעט דעם גאַנצן תנ״ך אויף אויסנווייניק. און איך בין גרייט צו פֿאָלגן די חכמים און ניט מאַכן די תורה פֿאַר קיין קרדום לחפּור בה, פֿאַר קיין פּרנסה, הייסט עס. איך בלייב אי״ה אויף ווייטער מיט מיין אַפּאַראַט און מיט מיינע רעליעפֿע בילדער. אָבער אַ פֿאָטאָגראַף האָט דאָך געווינלעך צו טאָן מיט ליכט און שאָטן און איך האָב אין ישראל געזען אַזויפֿיל ליכט און שאָטן, אַז די פֿעדער איז אליין געקראָכן אין האַנט אַריין... עס קומט דאָך אַמאָל אַ צייט, ווען בלעמס׳ם אייזל עפֿנט אַ מויל, הײנט נאָך ווען איינער איז ברוך השם ניט קיין אייזל, נאָר אַ פּינסקער...

און איינס וועל איך אייך פֿאַרזיכערן, סיי לייענער און סיי שרייבער: איך האָב די פּראָפֿעסיע ביי מיין ערשטן אַרויספֿאָר אין איר חלילה נישט פֿאַרפּאַטשקעט און נישט אויסגענוצט פֿאַר קיין פּערזענלעכן נוצן. איך שרייב שוין שטילערהייט, מאָלט אייך, זייט לאַנג, אָבער איך האָב מיין שרייבן שטענדיק פֿאַרגלעט און באַהאַלטן. כ׳האָב זיך שטענדיק גלאַט פֿאַרקעמט, האָב זיך געסטאַרעט, אַז דער קאָלנער און די מאַנזשעטן פֿון מיין העמד זאָלן שטענדיק זיין ריין און דערפֿאַר איז קיינעם ניט איינגעפֿאַלן, אַז איך זינדיק מיט שרייבן, כאָטש איך בין שטענדיק געווען נאָענט צו די גרעסטע פּערזענלעכקייטן און אַרומגערינגלט מיט פֿרויען, וואָס אויב איך האָב זיי ניט צעבראָכן די הערצער, האָבן זיי מיר צעבראָכן דאָס האַרץ.

און אַ מערקווירדיקע זאַך: אויף דער שיף האָט מען מיך באַלד אַנערקענט פֿאַר אַ זשורנאַליסט און מען האָט מיר אָפּגעטראָטן אַ באַ־

זונדערן קאַבינעט מיט אַלע באַקוועמלעכקייטן, וואָס זיינען נייטיק און קענענדיק מיין אַרגענטינער יידישן פּאַטריאָטיזם, האָט מען מיר אַרויפ־געשטעלט אויף דעם טיש די צוויי בילדער פון אונדזער גרויסן פּרעזידענט פּעראָן און זיין פאַרשטאָרבענער פרוי.

איך פיל, אַז דעם גרעסטן דאַנק פאַר מיין רייזע און פאַר דעם, וואָס איך האָב דערפילט אין זיך אַ כוח צו אָנשרייבן אַ בוך וועגן מיין רייזע, האָב איך צו פאַרדאַנקען אונדזער אַרגענטינער פּרעזידענט, דעם גענעראַל כואַן דאָמינגאָ פּעראָן, וועלכער האָט אין גרויסן לאַנד אַלץ און אַלעמען דערוועקט צום לעבן און ביי יעדן אַרויסגערופן אַ ווילן צו טאָן דאָס בעסטע פאַר דעם לאַנד, פאַר דער מענטשהייט און פאַר זיך אַליין.
אונדזער פּרעזידענט, גענעראַל כואַן דאָמינגאָ פּעראָן, האָט קיינ־מאָל ניט געמאַכט קיין חילוק צווישן גלויבן און גלויבן, קאָליר און קאָליר, שפּראַך און שפּראַך און ער האָט געמאַכט, אַז אַ יידישער איינ־געוואַנדערטער זאָל זיך דאָ פילן ווי אין זיין היים, אויב ער לעבט ווי אַן אָרנטלעכער מענטש. און ער האָט אַרויסגעוויזן אַזאַ אינטערעס און אַזאַ פריינטשאַפט צו מדינת ישראל, אַז אַלע אַרגענטינער יידן האָבן דער־פילט, אַז זיי קענען זיין גוטע אַרגענטינער און דאָך האָבן די בעסטע באַציונג צום לאַנד פון דער יידישער פאַרגאַנגענהייט און צוקונפט.
אונדזער פּרעזידענט האָט אונדז געלערנט, אַז ווען מיר וועלן זיין גוטע יידן, וועלן מיר אויך קענען זיין גוטע ארגענטינער און אויב מיר וועלן פאַרלייקענען אונדזער נעכטן, וועט מען נישט גלייבן אונדזער טריי־שאַפט צו אונדזער היינט.

ווען איך האָב געשריבן די ערשטע קאַפּיטלען פון אָט דעם בוך אויף דער שיף „אויגוסטוס", האָבן אויף מיר געקוקט פון שרייבטיש די אויגן פון דער גייסטיקער שעפער פון דער אַרגענטינער נאַציאָן, עוויטאַ פּעראָן און פון אונדזער גרויסן פּרעזידענט גענעראַל פּעראָן; און ביידנס אויגן האָבן מיר געגעבן מוט, ווי זיי האָבן געגעבן מוט מיליאָנען אַרגענטינער, צו געפינען דעם ריכטיקן וועג צו זיך אַליין.

אָבער אויב פאַר מיינע לייענער איז דאָס אַלץ, וואָס איך האָב דאָ געזאָגט נאָך אַלץ נישט קיין תירוץ אויף דעם, וואָס אַ פאָטאָגראַף, אַ שאַפער פון רעליעפע בילדער, האָט זיך אין עלטער פון אַכט און פער־ציק יאָר גענומען שרייבן, וועל איך אייך זאָגן, אַז אייגנטלעך בין איך שוין אַ שרייבער זייט אַ סך יאָרן און מיינע אַרטיקלען האָט מען שטאַרק אָנערקענט, אָבער איך האָב זיי קיינמאָל נישט אונטערגע־שריבן מיט דעם אייגענעם נאָמען, נאָר מיט פאַרשידענע פסעוודאָני־מען. איך האָב אַמאָל אונטערגעשריבן שוסהיים, אַמאָל באָטאָשאַנסקי, אַמאָל מענדלסאָן, אַמאָל רעגאַלסקי, ראָזשאַנסקי, זשיטניצקי, וואַסער־

צוג, פֿאַליק לערנער, י. ל. גרוזמאַן, ז. צוקער אאַ"וו. עס דאַרף אייך ניט וווּנדערן, ווען אַ שיינע פֿרוי כאַפּט אייך אַמאָל פּלוצעם קושן, ווי די מוזע האָט פּלוצעם געטאָן מיט מיר. אַמאָל קען זי אייך כאַפּן שלאָגן אויך. והמבין יבין!

און אויב איר ווילט נאָך דעם אַלעמען ערשט וויסן די ריכטיקע סיבה פֿאַרוואָס איך האָב אָנגעשריבן דאָס דאָזיקע בוך, דאַרפֿט איר לייענען דאָס בוך אַליין. אינעווייניק, אין גוף הספר, וועט איר געפֿי־נען באַשריבן אַלצדינג, די רייזע, ארץ־ישראל, מדינת ישראל, שטיקער אַרגענטינע און אויך ווי אַזוי און פֿאַרוואָס איך האָב געשריבן.

אונדזער גרויסער דיכטער חיים נחמן ביאַליק הייבט אָן זיין פּאָעמע „שירתי" (מיין ליד) מיט די ווערטער „התדע מאין נחלתי את שירי". — ווייסטו ווו איך האָב געירשנט מיין געזאַנג? לאָמיך אים נאָכמאַכן און אויך אַזוי אָנהייבן. לעבן אַ שווערן וואָגן איז גרינג צו גיין צו פוס. ווייסט איר ווער עס האָט מיר געמאַכט, אַז איך זאָל זיך נעמען שרייבן אָט דאָס בוך, וואָס איז אין אַ גרויסער מאָס אַ טאָגבוך פון מיין נסיעה קיין ישראל? ריוועלע לערנער, אַ טאָכטער פון מיין שיפס-ברודער, האָט מיר אַרויפגעבראַכט אויף דער שיף אַ מתנה אַן אַלבום און ווען די שיף איז שוין געווען אין מיטן ים און איך האָב איבערגעקוקט אַלע מתנות, איז מיר אין די הענט אַריין געקומען דער אַלבום און ער האָט מיר ווי געזאָגט: „איך בין דיין גורל! אין מיר וועסטו אַריינשרייבן אַלץ, וואָס דו וועסט הערן און זען". און איך האָב אים באַלד געפאָלגט און גענומען פאַרצייכענען מן הבא בידי און איך האָב באַלד געזען, אַז פּאָעזיע און שרייבעריי זיינען קיין... קונסט נישט. איז דאָ די שכינה, גיט דיך אַ צי אין לייענזאַל און די פעדער פליט. און אַזוי שרייב איך און איך שרייב און איך פיל, אַז פאָרנדיק קיין ארץ ישראל, ווער איך אַ שרייבער. וואָס פון מיין שרייבן וועט אַרויסקומען, ווייס איך דערווייל נאָך נישט. וואָרום אַ שרייבער דאַרף האָבן אַ חוץ טאַלאַנט אויך מזל. איך קען שרייבער, וואָס אין תוך זיינען זיי געווען גרויסע עם הארצים און זיי זיינען באַוווסט געוואָרן דורך אַ צופאַל. אייניקע האָט צוגעשפּילט דאָס מזל: זיי זיינען געשטאָרבן אין צייט, איידער מען האָט זיך דערוווסט, אַז זיי קענען גאָרניט. דערפאָלג און טויט גייען אָפטמאָל האַנט ביי האַנט.

און איך גיב זיך אַ שטעל פאַר אָט אַזאַ מין זאַך: איך הייב אָן מיין טאָג-בוך אויף דער שיף און נאָך איידער איך פאַרענדיק אים, הייבט די שיף אָן זיך צו טרינקען, ווייל דעם רבונו של עולם גלוסט זיך אַ שפּיל טאָן מיט איר. און איך גיי אונטער אינייינעם מיט דער שיף. אָבער דער מאַנוסקריפּט מיינער ווערט געראַטעוועט. קענט איר זען אין אייער פאַנטאַזיע וואָס פאַר אַ דערפאָלג מיין טאָג-בוך וואָלט געהאַט? איר שטעלט אייך פאָר ווי מען וואָלט מיך געלויבט? קיינעם לויבט מען דאָך נישט אַזוי פיל וויפל אַ טויטן. איר האָט שוין אַמאָל

געהערט מען זאָל אַ שרייבער אַזוי לויבן ביי אַ יובילײ, ווי נאָך דעם טויט? מיין ווייב און מיינע קינדער וואָלטן נתעשר געוואָרן און טאַקע עולה לגדולה געוואָרן. אַ קלייניקייט, די אלמנה און יתומים פון דעם שרייבער, וואָס האָט אָנגעשריבן אזא גרויס ווערק. איי, איך אַליין? איך וואָלט שוין גאָרנישט אָנגעווירן. פאַר מיר איז דאָך אין כל חדש תחת השמש. און קיין גרויסע אפּותיקא וואָלט איך דאָך אויך נישט פאַרלוירן. אַ רחמנות וואָלט אין אַזאַ פאַל געווען אויף די יידן פון מיין קרייז, וועלכע האָבן זיך געגנוג אָנגעפּלאָגט ביז וואַנען זיי האָבן דער־גרייכט זייערע פּאָזיציעס אין דער אינדוסטריע און אין דער קאָמערץ. אייזיק פורמאן, א. גראָקאָף, זיי האָבן יאָ וואָס צו פאַרלירן. אַפילו זיי־ערע פּאָזיציעס אין דער געזעלשאַפט האָבן זיי דאָך אויך דערגרייכט נישט אַזוי לייכט. אָבער וואָס פאַר אַ ווערט האָב איך? און וואָס פאַר אַ ווערט וואָלט דאָרט געהאַט מיין שטיקל טויט אַנטקעגן דעם, וואָס אויף די ערשטע זייטן פון אַלע בלעטער וואָלט געווען אריינגעשריבן מיט גרויסע אותיות, אַז אויף דער אונטערגעגאַנגענער שיף „אויגוס־טוס” איז „געפאָרן דער באַוווּסטער באַהעם אייזיק מירסקי, וועלכער האָט פאַרנדיק אויף דער שיף אָנגעשריבן אַ גרויס ווערק, וואָס ער האָט לײדער ניט באַוויזן צו פאַרענדיקן”? און וועגן מיינע באַגליי־טער וואָלטן נאָר אין די יידישע בלעטער געווען קליינע באַמערקונגען מיט גאָר קליינע אותיות, אַז אויף דער זעלבער שיף זענען מיטגעפאָרן אייזיק פורמאַן, דירעקטאָר פון „באַנקאָ קאָמערסיאַל”, און אָשר גראָ־קאָף, דער טוער פון אַלגעמיינעם קאַמפּיין, אינאײנעם מיט זיין ווייב.

פונדעסטוועגן, הערט איר, בין איך מוחל דעם גרויסן דערפאָלג, וואָס מיין בוך וואָלט געהאַט און איך וויל נישט דערטרינקען ווערן. און ווייסט איר פאַרוואָס? ווייל איך וויל קיין מת נישט זיין. אויב די מוזע האָט זיך שוין יאָ אַנטפּלעקט צו מיר אויף דעם וועג קיין ישראל און איך בין שוין געוואָרן אַ שרייבער, וויל איך זיין אַ לעבעדיקער שרייבער, ווייל עס איז בעסער צו זיין אַ לעבעדיקער הונט, איידער אַ טויטער לייב, האָט געזאָגט איינער, וואָס קיין שכל האָט אים נישט געפעלט. אויב שוין יאָ אַ שרייבער, איז אַ לעבעדיקער. ווען אונדזער שיף איז אַוועקגעפאָרן, האָבן אַלע אונדזערע באַגלייטער געשריען: „עם ישראל חי”, דאָס יידישע פאָלק זאָל לעבן. בין איך דאָך אויך אַ טייל פון יידישן פאָלק, וויל איך אויך לעבן. און אַז עס וועט זיין באַ־שערט, וועט מיין בוך נושא־חן־זיין, כאָטש איך וועל בלייבן מיט אָפענע אויגן.

אָבער אקדמות מילין, איידער איך נעם אייך שוין טאַקע באַ־שרייבן די רייזע, וועל איך אייך דערציילן ווי אַזוי איך בין געקומען צו דער דאָזיקער גליקלעכער יאַזדע, וואָס איז די גרעסטע זכיה אין מיין לעבן, אָן מיין שאָדן אויף אַלע יידן געזאָגט געוואָרן. וואָרום איך האַלט, אַז אויב אַ ייד האָט נישט די זכיה צו באַזעצן זיך אין מדינת ישראל, דאַרף ער אַהין כאָטש אַ פּאָר טאָג ווי אַ טוריסט און אָנקוקן די יידישע מדינה.

די מעשה פון דער געשיכטע איז אַזאַ מין היסטאָריע: אין חודש אַפּריל פון היינטיקס יאָר האָב איך אָפּגעשטעקט אַ וויזיט דער „מעסטעטשקאָ" איטוזאַינגאָ, ווו מיין לאַנדסמאַן האָט די ריכטיקע „אימעניע", אָדער „עסטאַנסיאַ". אין ישראל רופט מען עס נחלה. און כאָטש איטוזאַינגאָ איז נישט צוגעזאָגט געוואָרן דעם יידישן פּאָלק דורך משה רבנו, האָבן מיינע פינסקער גוט אויסגענוצט די „דאַטשע" און זיי זיינען דאָרט געלעגן איש תחת גפנו ותחת תאנתו. און איך האָב פּלוצעם אַ פרעג געטאָן מיין חבר פורמאַן, צי מען וואָלט נישט געקענט נעמען אָט די נחלה און אַריבערפירן זי, ווי זי שטייט און גייט



פורמאַנס קינטע אין איטוזאַינגאָ

(דאָ איז געבוירן געוואָרן דער געדאַנק צו פאָרן קיין ישראל)

קיין ישראל. דאָס איז, אַפּנים, געווען דער קליגסטער איינפאַל אין מיין גאַנצן לעבן. ווארום ער האָט מיר געענטפערט מיט אַ זיפץ, אַז דאָרט וואָלט ער זיך באַגניגנט אַפילו מיט דער כאַטע, וואָס ער האָט אויסגעסטראָיעט פאַר דעם גערטנער, וואָס מען רופט דאָ „קינטערא״. דערווייל האָבן די געסט זיך אַ נעם געטאָן מקיים זיין דעם פסוק



א. פורמאַן קוקט ווייט...
דער העלד פון „ראָמאַן" זעט אין זיין קינטע אין
איטוזאינגאַ — מדינת ישראל

„והגית בו יומם ולילה", וואָס האָט דאָך געמיינט, אַז ווען מען קען און ווען מען קען נישט, זאָל מען מאַכן אַ קערטל, ווייל אין אַן אַנדער

פסוק שטייט דאָך „בערב יאמר מי יתן בוקר” און בוקר מיינט דאָך פּאָקער... אָבער איך בין נישט צוגעגאַנגען צו די טישלעך, איך האָב זיך אַנידערגעזעצט שרייבן אַ בריוול צו מיינע ברידער אין ישראל. דאָס איז געווען פון מיין זייט אַ גרויסע העלדישקייט. ביישטיין דעם יצר הרע פון אַ קערטל, קומט ניט אָן גרינג. און שרייבנדיק האָב איך, טאַקע ווייל איך האָב נישט געשפּילט, געווונען אַ גרויס פּאַרמעגן. ווילט איר דאָך וויסן ווי אַזוי, טאָ הערט זשע:

ווען מיין לאַנדסמאַן פורמאַן האָט געענדיקט באַשפּריצן די בלו־מען און דאָס אויפקלייבן די פּאַפּירלעך, וואָס זיינען געווען צעוואָרפן אין גאָרטן (ער האָט טאַקע אַ גערטנער, ווי איך האָב אייך שוין דער־ציילט, אָבער ער האָט אים, ווייל דער ערל האָט אַ ווייב מיט קינדער, וועלכע ער דאַרף מפרנס זיין, אָבער די אַרבעט טוט צום מיינסטן דער באַלעבאָס אַליין). האָט ער דערזען, אַז איך לערן ניט קיין ש״ס און זאָג נישט קיין תהילים, איז ער צוגעגאַנגען צו מיר און ער האָט מיך דווקא נישט אָנגעקוקט ווי אַ משוגענעם. אפּנים, אַז קלאָרע קענען אַמאָל אויך נ י ש ט שפּילן אין קאָרטן. און ער האָט מיך אַ פרעג געטאָן צו וועמען איך שרייב דעם בריוו. און איך האָב אים מניה וביה איבערגעלייענט דעם בריוו, וואָס איך האָב אָנגעשריבן צו מיינע ברי־דער אין ישראל. האָט ער מיך אַ פרעג געטאָן בזה הלשון:

— איר ווילט פאָרן קיין ישראל?

איך האָב זיך געפילט ווי איינער, וועלכן מען פרעגט, אַ שטיי־גער, צי ער וויל מאַכן די „גראַנדע”, דאָס גרויסע געווינס. אָבער וויסנדיק, אַז מיין חבר און פריינד שפּאַסט קיינמאָל נישט, האָב איך אים געענטפערט מיט אַ שווייגן און מיט טרערן אין די אויגן. און אַז ער האָט דערזען די טרערן אין מיינע אויגן, האָט ער מיר געזאָגט:

— שרייבט צו אייער ברודער נחמן תמיר, אַז אם ירצה השם אין חודש אויגוסט וועלן מיר זיך פאָרן זען מיט אים.

די טרערן האָבן זיך נאָך אַלץ געשלאָגן צו די ווייעס און איך האָב זיך געקלערט, אַז נישט אומזיסט האָב איך געזאָגט קינדווייז דעם „ותחזינה עינינו בשובך לציון ברחמים”, זאָלן אונדזערע אויגן זען, ווי דו ווערסט זיך אומקערן קיין ציון מיט רחמנות.

און אָט, ווי איר זעט, פאָרן מיר. גאָט פירט די וועלט און דער קאַפּיטאַן דרייט דאָס רעדל און איך פאָר קיין מדינת ישראל און איך ווער נאָך אַ שרייבער דערצו אויך...

ווען גאָט העלפט מיר און איך קריך אַרויס פון אָט דעם קאַפּיטל, וואָלט דאָס ביי מיר שוין דערנאָך געגאַנגען ווי געשמירט. שרייבן האָב איך גראָד ליב און לייט זאָגן, אַז איך האָב מיין אייגנם געדאַנקען אויך; איין שוועריקייט האָב איך ביים אַרויסלייגן די געדאַנקען און די געפילן אויף דעם פּאַפּיר: עס שטעלט זיך מיר פּלוצעם אַריין אַן „עין" ווו מען דאַרף אַן „אלף", און פאַרקערט, און אַ „הא" שרייב איך אַמאָל אויך, ניט אויסגערעדט זאָל דאָס זיין, דאָרט ווו מען דאַרף זי גראָד נישט האָבן. ס'איז ווי ביי שלום עליכמען אין דער „גימנאַזיע" מיט דער בוקווע יאטי. אָבער אַז די רוסן האָבן געמאַכט אי אַ „יע", אי אַ „יאטי", איז דאָ אַ תירוץ: זיי זענען אַנטיסעמיטן, יידן אָבער זיינען דאָך ניט קיין אַנטיסעמיטן און פונדעסטוועגן האָבן זיי געמאַכט דריי אותיות, וואָס זאָלן זיך פּלאָנטערן איינס אין אַנדערן — אַן אלף, אַן עין און אַ הא... סיידן, מיר זאָלן חלילה טראַכטן, אַז עס זיינען דאָ יידישע אַנטיסעמיטן אויך. אַמאַי די הייַנטיקע רוסן, די דאָזיקע, וואָס שרייבן שוין ניט קיין „יאטי", זיי זיינען ניט קיין אַנטיסעמיטן? איר הערט? ווען ניט די אלף, עין און הא, וואָלט איך שוין באַלד געקענט אויף אויסנווייניק מיין גאַנצן טאָג־בוך.

מיר האַלטן ביים היסטאָרישן זונטיק, צוויי טעג פאַר מיין אָפּ־פאָרן קיין ישראל, ווען פריינט, חברים און גלאַט יידן זיינען געקומען מיר ווינטשן אַ צאתך לשלום און זיך געזעגענען מיט מיר. אייגנטלעך זיינען זיי געקומען ניט צוליב דעם, זיי זיינען געקומען מיר מיטגעבן זייערע פּעקלעך קיין ישראל, אָבער אָפיציעל האָבן זיי דערקלערט פייערלעך, אַז זיי זיינען געקומען זיך געזעגענען מיט מיר. און די פּעקלעך, דאָס האָבן זיי מיר געגעבן „אַ לאַ זשאַפּע". עס איז אויס־געקומען, אַז ניט איך דאַרף זיי אַ טובה טאָן און מיטנעמען זייערע פּעקלעך, נאָר זיי טוען מיר אַ טובה דערמיט, וואָס זיי ברענגען די פּעקלעך. זיי שיקן טאַקע די פּעקלעך צו זייערע קרובים, אָבער זיי שיקן זיי דען קיין טערקיי, אָדער האָנאָלולו? זיי שיקן דאָך זיי קיין ישראל און ישראל איז דאָך מיינס גלייך מיט זייערס. לויט זייער לאָ־גיק, האָבן זיי ניט געדאַרפט מיך בעטן, אַז איך זאָל מיטנעמען די פּעקלעך צו זייערע קרובים, נאָר איך האָב זיי געדאַרפט זאָגן אַ גרויסן

דאַנק דערפֿאַר, וואָס זיי שיקן דורך מיר פּעקלעך צו אונדז אין לאַנד אַריין...

צו באַשרייבן, וואָס ביי מיר אין שטוב האָט זיך אָפּגעטאָן יענעם זונטיק, דעם דריטן אויגוסט, וואָלט געקענט נאָר אַ שלום עליכם און אפשר אפילו ער אויך ניט! ווארום עס זיינען דורך מיין שטוב דורכגעגאַנגען מער יידן וויפל גאַנץ כתריאלעווקע האָט פאַרמאָגט. און ערשט האָט דאָך כתריאלעווקע פאַרמאָגט נאָר... קאַסרילעווקער און ביי מיר אין שטוב זיינען געווען עקודים, נקודים וברודים — ליטוואַקעס און פּוילישע און גאַליציאַנער און בעסאַראַבער! יעדער האָט זיך גערעדט אין אַן אַנדער שפּראַך און טיפּן זיינען געווען כחול הים. און אַלע האָבן געטאָן איין זאַך: געבראַכט פּעקלעך. מען זאָגט, אַז יעדער ייד האָט אַ פּעקל. און ס'איז געווים אמת אויך, אָבער צו די פּעקלעך, וואָס עס האָט אַ ייד, וועלכער פאָרט קיין ארץ ישראל, קומט עס ניט.

און אויך צו באַשרייבן די אַלע רווישיקע וועטשערעס און שטילע באַנקעטן, וואָס מען האָט אונדז געמאַכט, וואָלט מען אויך געדאַרפט האָבן כאָטש שלום עליכמס טאַלאַנט. עס איז, דער ריינער אמת, אַז צום מיינסטן האָט מען די וועטשערעס געפּראַוועט פאַר דעם אַנדערן אייזיק, פאַר פורמאַנען. עס האָבן זיי געפּראַוועט זיינע שוועסטער, שוואָגערס, מחותנים, פּלימעניקעס און די קאָאָפּעראַטיווע פון די פּעלעטעראָס, די „באַנקאָ קאָמערסיאַל״ און אַזוי ווייטער. אָבער, צי איך האָב יאָ, צי איך האָב ניט געוואָלט, איך האָב אויף אַלע געמוזט גיין. עס איז דאָך פאַרשטענדלעך: אויב אין פּסוק שטייט ואהבת לרעך כמוך, מיינט עס, אַז ניט נאָר פאָרן איניינעם מיט דיין חבר קיין ישראל דאַרפסטו, נאָר דו דאַרפסט אויך גיין מיט אים אויף די וועטשערעס און באַנקעטן! און ניט  אַ ל יי ן  בין איך געגאַנגען, נאָר איך האָב אויך מיטגענומען מיין בעסטע חברטע, מיין זוגתי היקרה און מיין חבר גרעגאָריאָ. די זוגתי האָט מיר אַפילו אַ זאָג געטאָן, אַז איך וואָלט געווען אַ בעסערער מאַן, ווען איך באַפריי זי פון  אַ  פ אָ ר ב אַ נ ק ע ט ן  און איך נעם זי בעסער מיט  ק יי ן  י ש ר א ל , אָבער אויף דעם האָב איך איר געקענט ענטפערן ניט מער ווי מיט אַ קרעכץ.

און אַזוי פלעגן מיר אָפּזיצן גאַנצע נעכט ביי די געדעקטע טישן און מיר האָבן אויסגעהערט די אַלע שבחים, וואָס מען האָט אַריינגעזאָגט אייזיק פורמאַנען. מען האָט אים אַזוי אויסגעלויבט און אויפגע-

הויבן און מען האָט אים אַזוי פאַרגליכן צו די גרעסטע מענטשן אין דער וועלט אַז איך האָב אַזש אָנגעהויבן זיך פרעגן, צי איך באַגיי נית קיין עוולה, וואָס אַזאַ קליין מענטשעלע ווי איך נעם זיך אונטער אים צו באַגלייטן! איך זאָג אייך דעם אמת, איך האָב רחמנות געהאַט אויף מיין גוטן ברודער, וואָס ער מוז אין אַ וואָכעדיקן טאָג אויסהערן גאַנץ הלל. אָבער ער האָט אויך רחמנות געהאַט א ו י ף  מ י ר . . .

אַמאָל האָט זיך געמאַכט, אַז מען האָט מיך  א ו י ך  דערמאָנט, און געגעבן אַ קניפּ אין בעקל עס האָט זיך געפונען אַ ייד, וואָס איך האָב אים געהאָלפן קריגן אַ פּאַס, אָדער אַן אַנדער ייד, וואָס זיין ווייב איז געווען מעוברת און ער האָט געוווסט, אַז ער וועט דאַרפן אָנקו־מען צו מיר, אַז איך זאָל אים העלפן קריגן אַ „סעדולאַ”, האָט ער וועגן מיר אויך געזאָגט אַ פּאָר גוטע ווערטער. און אויף מאָרגן איז ער באַלד געקומען צו מיר מיט אַ פּעקל. עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז ער זאָגט מיר צום גראַם:

איך האָב אייך נעכטן געגעבן אַ קניפּ אין בעקל,
טאָ נעמט זשע מיט אַ פּעקל.

פאַרשטייט זיך, אַז ער האָט מיר באַלד דערציילט, אַז היות ווי אין פּעקל ליגט שאָקאָלאַד און וואורשט, זאָל איך באַלד, ווי איך וועל אַרויף אויף דער שיף איבערגעבן דאָס פּעקל דעם קאַפּיטאַן אַליין. אַז ער זאָל דאָס אַריינלייגן אין פרידזשידער, בכדי ס'זאָל חס וחלילה נית קאַליע ווערן. איר פאַרשטייט? דעם קאַפּיטאַן אַליין אין די הענט אַריין...

אוי, הערט איר, זיינען מיר אַ טייער פאָלק. ווען מען האָט אונדז געהייסן זאָגן שבת צו מנחה ומי כעמך ישראל גוי אחד בארץ, ווער נאָך ווי דיין פאָלק איז אַזוי איינער אַליין אין דער ערד, האָט מען גע־ווּסט, וואָס מען האָט אונדז געהייסן זאָגן. אוי, זאָלן אונדז אַלע יידן געזונט זיין און מיר אַליין זאָלן אויך חלילה נית קראַנק זיין! מיינט נית, אַז מיט די פּעקלעך זיינען מיר שוין פאַרטיק געוואָרן .נאָך די פּעקלעך האָט זיך אָנגעהויבן אַ מעשה מיט טאַרכעטלעך. אַלע האָבן אונדז געוואָלט באַגלייטן אויף דער שיף. און אויף אַרויפצוגיין אויף דער שיף דאַרף מען דאָך האָבן אַ דערלויבעניש, אַ  ט ר אַ כ ע ט ל היימט עס... וואָרום ווייסן זאָלט איר, אַז נית אַלע יידן זאָגן  ט אַ ר־כ ע ט ל ע ך . און עס קען זיין, אַז אויף יידיש דאַרף מען טאַקע זאָגן אַזוי. עס דאַרף דאָך זיין אַ חילוק צווישן יידיש און שפּאַניש...

א י י ז י ק   מ י ר ס ק י

און ווען מיר האָבן דערנאָך אויסגערעכנט וויפל יידן עס האָבן ביי אונדז באַשטעלט ט אַ ר כ ע ט ל ע ך און וויפל עס האָבן באַשטעלט ט ר אַ כ ע ט ל ע ך , איז אויסגעקומען, אז איינינעם באַטרעפן זיי זעקס הונדערט מיט דרייצן. פ ו נ ק ט ווי פ ל ד י תרי״ג מצוות...

מיט פינף און דרייסיק יאָר צוריק, האָט מיין טאַטע אין דעם קליינעם שטעטל ליעכאָוויץ געמאַכט איבער מיר, צו מיין בר מצווה ווערן, די ברכה ברוך שפּטרני, מיטוואָך דעם זעקסטן אויגוסט 1952, אַכט אַזייגער אין אָוונט, ווען די שיף „אויגוסטוס" האָט אויפגעהויבן דעם אַנקער, האָב איך געמאַכט די זעלביקע ברכה איניינעם מיט מיין פריינד אייזיק פורמאַן. ניט חלילה איבער עמיצן האָבן מיר געמאַכט דעם ברוך שפּטרני, נאָר איבער דער גאַנצער האַרעוואַניע, וואָס מיר האָבן געהאַט פאַר דעם אַוועקפאָרן.

וואָרום איר דאַרפט וויסן, אַז עס איז ניט קיין קלייניקייט צו אויפלאָדן און שיקן פיר פיר־מעטערדיקע קאַסטנס, דרייצן טשעמאָ־דאַנעס און אַ 25 באַמבאַניערקעס, וואָס דער עולם האָט אונדז מיט־געבראַכט צידה לדרך. מיר האָבן פּשוט ניט געהאַט ווו אַהין צו טאָן זיך מיט זיי. אויף די הערצער איז אונדז געווען קאַלעמוטנע. פרייד און אומעט ראַנגלען זיך. עפּעס פאַר איך דאָך זיך זען מיט ברידער און שוועסטער, וועלכע איך האָב ניט געזען אַכט און צוואַנציק יאָר. און אין בוענאָס איירעס האָב איך דאָך אויך עמיצן געלאָזט! אַ גע־טרייע פרוי און טייערע דריי קינדער, פון וועלכע איך האָב זיך נאָך קיינמאָל ניט דערווייטערט אויף קיין לענגערער צייט. מען הייבט אָן פילן די ריכטיקע צוגעבונדנקייט צו ווייב און קינדער, ווען די שיף נעמט זיך אַוועקרוקן פון זיי. און ווו איז מיין פריינד גרעגאָריאָ? עס איז שווער זיך צוצוגעוווינען צום געדאַנק, אַז איך וועל אים ניט זען פיר חדשים דורכאַנאַנד.

און וואָס מער די שיף רירט, אַלץ מער קאַלעמוטנע ווערט אויף דעם האַרצן. עס ווערט דאָרט כוואַליעדיק און די „כוואַליעס" הייבן זיך און פאַלן... איך כאַפּ אַ קוק אויף פורמאַנען, ער לעבט געוויס אי־בער ענלעכע זאַכן. און עס דאַכט זיך, אַז איך קוק אַריין אים אין האַרצן אַריין און ער קוקט אַריין צו מיר. איניינעם פאָרן מיר און פאַרשידענע וועלטן זיינען מיר. יעדער מענטש איז אַ וועלט פאַר זיך. ער אַ ייד אַ סוחר, איך — אַ באַהעם מיט בענקשאַפט נאָך קונסט. מי יגבר את מי? ווער וועמען וועט באַזיגן? וואָס וועט אונדזער רייזע ווערן — אַ סוחרישע, צי אַ קינסטלערישע? און אפשר וועלן מיר ביי־

דע בלאָנדזשען? מיר פֿאָרן דאָך אין דער יידישער מדינה און עס קען דאָך זיין, אַז בייביידן זאָל זיך בייטן די פּסיכאָלאָגיע און דער אינ־טערעס. וועמען האָט פּרץ סמאָלענסקין געמיינט מיט זיין „התועה בדרכי החיים" — דער וואָס בלאָנדזשעט אויף די וועגן פֿון לעבן — מיך, צי פֿורמאַנען, צי ביידן? וועל איך זיך אויסלערנען ביי פֿורמאַנען וואַשן די שקאַרפּעטקעס, צי ער וועט זיך אויסלערנען ביי מיר מאַכן דאָס ריכטיקע קערטל?...

און דעם בוענאָס איירעסער פֿאָרט האָבן מיר נאָך אָנגעזען. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז איך מאַך אַ פֿילם און אַלץ, וואָס איך טו און זע, ווערט באַגלייט פֿון מוזיק. און איצטער האָט זיך מיר געדאַכט, אַז איך הער דעם אַלטן טאַנגאָ „בוענאָס איירעס, לאַ רעינאַ דעל פּלאַ־טאַ" — בוענאָס איירעס, די קיניגין פֿון פּלאַטאַ... טויזנטער טיכלעך האָבן געפֿלאַטערט אין דער לופֿט. ווי ווייסע טויבן האָבן די טיכלעך אויסגעזען. זיי האָבן שעמערירט פֿאַר די אויגן. מענטשן מיט מענטשן האָבן זיך געזעגנט. אין אַלערליי שפּראַכן האָט מען אויסגעדרוקט דעם פֿאַרגעזונט. מיר האָבן ביידע אַרויסגענומען טיכלעך, אָבער שוין נישט אויף צו געזעגענען זיך. מיר האָבן שעמענדיק זיך איינער פֿאַר דעם צווייטן אויסגעווישט די אויגן פֿון טרערן און מיר זיינען שווייגנ־דיקע אַראָפּגעגאַנגען אין קאַבינע.

אויפגעשטאַנען בין איך אַכט אַזייגער אין דער פרי און איך האָב באַלד דערקענט, אַז מיין חבר איז שוין אויף אַ גוטע פּאָר שעה. איך האָב דאָס דערקענט לויט דעם וועש, וואָס ער האָט אויסגעוואַשן און וואָס טריקנט זיך. אַ מאָדנע עקזעמפּליאַר איז ער, דער פורמאַן; ער האָט באַצאָלט זיבן און דרייסיק טויזנט פּעזעס נאָר פאַר די שיפס־קאַרטן און ער וואַשט זיך אַליין די שקאַרפּעטקעס.

אין קאַבינע הערשט אַן אָנגעשטרענגטע שטימונג. מיר ריידן נישט צוליב אַן אינצידענט, וואָס איז צווישן אונדז פאָרגעקומען שוין אין דער ערשטער נאַכט. וואָס אַ שטייגער קענען יידן דיסקוטירן, ליגנ־דיק אין די בעטן, אויף דעם וועג קיין ארץ ישראל? אוודאַי וועגן ביזנעס. אָבער ניט וועגן קיין אייגענע, נאָר וועגן דער שיפס. עפּעס פאָרן מיר דאָך מיט אַ שיף, איז זי אונדז געלעגן אויף די קעפּ. מיין חבר האָט געהאַט אַ השגה, אַז פון איין רייזע בלויז לאָזט די שיף ריווח אַ דריי מיליאָן פּעזעס. גאָט איז מיין עדות, אַז איך האָב אים געוואָלט נאָכגעבן, אָבער איך האָב מיר געזאָגט: „מירסקי, גיסטו אים גלייך נאָך, ביסטו אַ פּאַרטיקער אויף דער גאַנצער רייזע! וועסט שוין דער־נאָך מוזן זאָגן „באָס" אויף אַלץ, וואָס ער וועט זאָגן."

אַ וואָרט אַהין, אַ וואָרט אַהער... עס האָט שוין ניט געהאַלטן ווייט דערפון, אַז מיר זאָלן זיך אָנטאָן פּאַרטאַג און גייען בעטן ביים קאָמיסאַר די ביכער פון דער בוכהאַלטעריע, ווי שפּעט ס'איז דעמאָלט געוועזן, ווייס איך ניט. אויף דעם זייגער האָב איך ניט געקוקט און קיין הענער זיינען דאָך אויף דעם ים ניטאָ, האָט מען נישט געהערט קרייען. קיין הינט הערט מען אויך ניט בילן. אָבער עס איז שוין גע־ווען גענוג שפּעט. האָבן מיר זיך אַביסל געשעמט. דער קאָמיסאַר וואָלט דאָך אונדז אָנגעקוקט ווי משוגעים...

די שיף האָט מיט אונדז געמאַכט די פערטע רייזע. זי איז אַ שפּאָגל נייע שיף. אָנגעבויעט איז אויף איר פּתום מיט רעמסס, איר מאַנ־שאַפט באַשטייט פון 540 מאַן. מיר זיינען אַרום און אַרום אַכט הונ־דערט פּאַסאַזשירן, אנשים, נשים וטף. דאָס דאָזיקע מיינט, אַז אויף יעדע אַנדערטהאַלבן פּאַסאַזשירן איז פאַראַן איין אָנגעשטעלטער. איז ווי אַזוי קען מען פאַרדינען דריי מיליאָן פון איין רייזע?

איר ווילט וויסן מיט וואָס אונדזער דיסקוסיע האָט זיך פאַרענ־דיקט? דערווייל מיט גאָרניט. מיר האָבן זי אַריינגעוואָרפן אין ים אַריין. דעם איינדרוק האָב איך געהאַט, אַז מיין פריינד איז צופרידן, וואָס איך האָב זיך געשפּאַרט מיט אים. ווען איך וואָלט אים נאָכגעגעבן, וואָלט אים געווען לאַנגווייליק. די 540 אַנגעשטעלטע זיינען אונדז אַריין אין נאָז. יעדער פון אונדז האָלט אויס אַ קאַרגן מענטשן. אַ שאָד נאָר, וואָס צווישן די אַלע אַריבער אַ האַלבן טויזנט אַנגעשטעלטע איז פאַראַן ניט מער ווי איין מאַריאַ — דאָס שיינע מיידל, וואָס רוימט צו אונדזער צימער. עס זאָל חלילה צווישן אונדז ניט קומען קיין שפּאַרעניש איבער איר. מיר האָבן טאַקע ביידע באַלד מסכים געווען, אַז זי איז אַ שיינע, אָבער אָט דאָס מסכים זיין קען דאָך ווערן ערגער, ווי דאָס פריערדיקע נישט מסכים זיין.

און דער טאָג האָט זיך אָנגעהויבן און ער איז געפאָרן איניינעם מיט דער שיף. אונדזער געזעלשאַפט איז דערווייל באַשטאַנען פון זעקס מענטשן. אונדז ביידע, מיך מיט פורמאַנען, דאַרף איך דאָך אייך ניט פאָרשטעלן. פאָרן פאָרן מיר ביידע און צאָלן צאָלט ער איינער, אָבער גאָט האָט דאָך אים אויך ברוך השם באַצאָלט... און ער וועט אים נאָך באַצאָלן! ער פירט דאָך חלילה ניט אַ יידן צו שמד, ער פירט אַ יידן קיין מדינת ישראל. נאָך אונדז קומט ר' אָשר גראָקאָפּ ורעיתו. זיי פאָרן ביידע חתונה מאַכן אַ טאָכטער, וועלכע איז אין ארץ ישראל. אייגנטלעך וואָלט זי חתונה געהאַט אויך אָן זיי. זי איז אַ מפּמ"ניצע און מפּ"ם פרעגט ניט ביי גאָט און ניט ביי טאַטע־מאַמע. דער שידוך איז שוין געטאָן געוואָרן, אָבער אַז טאַטע־מאַמע וועלן קומען, וועט מען זיי אויפנעמען בסבר פּנים יפות. האָט זיך געדאַכט, אַז אַפילו די כוואַליעס, וואָס קלאַפּן צו דער שיף, ווינטשן די גליקלעכע טאַטע־מאַמע מזל טוב. יידן פאָרן חתונה מאַכן אַ טאָכטער אין ישראל. לאו כל אדם זוכה, ניט יעדער איז דאָס זוכה.

היות ווי פורמאַן און גראָקאָפּ זיינען ביידע געזעלשאַפטלעכע מענטשן און זיי האָבן מיסתמא אַזעלכע סודות, וואָס דער ברייטער קהל דאַרף נישט וויסן, וועל איך, האָב איך זיך געטראַכט, ביידע קענען איבערלאָזן און איך וועל מיר אַוועקגיין זוכן לייט און וואַסער און נעמען מאַכן ציגל, ס'הייסט איך וועל זוכן שטאָף פאַר מיין טאָג־בוך און טאַקע אים אַריינשרייבן אויך.

די אַנדערע צוויי מענטשן פון אונדזער געזעלשאַפט זיינען גראָד ניט קיין יידן. זיי זיינען פון מענדאָסאַ, זיי הייסן קאַרלאָס און אַאידאַ




El Sr. Juan Peretti y su esposa Aida, la simpática pareja de la ciudad de Mendoza, en compañía del autor de este libro, al regresar de Israel

פּערעטי. דאָן קאַרלאָס איז אַן עמפּערעסאַר פֿון וועגן. אין דער אַלטער הײם האָט דאָס געהײסן אַ „פּאַדראַטשיק". ער האָט ייִדישע שותּפֿים דער דאָן קאַרלאָס און ער רעדט וועגן ייִדן און דעם ייִדישן לאַנד מיט אַ סך רעספּעקט און מיט התלהבֿות. זײ זײַנען אַרײַן אין אונדזער געזעלשאַפֿט, ווײַל זײ עסן בײַ אײן טיש מיט אונדז. עס רעדט זיך אַזוי, אַז „זײ עסן". בײַ דעם טיש, וווּ איך עס, קען מען קײן סך ניט אויפֿעסן... דערפֿאַר אָבער רײדן זײ גאַנץ היפּשלעך. דאָס רײדן קען איך בײַ זײ דאָך נישט אויסכאַפּן. איך האָב געפּרוּווט אויף גיך שטודירן די פּסיכאָלאָגיע פֿון אָט דעם פֿאַר פֿאָלק און זיך דערוווּסן ווער פֿאַר וועמען עס האָט מער מורא, ער פֿאַר איר, אָדער זי פֿאַר אים. אַ כּלל האָב איך, אַז בײַ יעדן פֿאַר פֿאָלק מוז אײן העלפֿט מורא האָבן פֿאַר דער צווײטער...

אין עס־זאָל איז אַ מישמאַש און אַ טומל. אַז אונדזערע אחינו בני ישׂראל האָבן אַ חלק אין דעם, פֿאַרשטײט איר דאָך אַלײן. וואָס, וואָס, אָבער קײן שווײַגערס זענען ייִדן נישט. און דערצו איז פֿאַראַן אַ געמיש פֿון לשונות. און שולדיק אין דעם איז נמרוד, וועלכער האָט דווקא געוואָלט מאַכן אַ רעוואָלוציע קעגן הימל און ער האָט דערפֿירט דערצו, אַז עס זאָל ווערן אַ בבֿל פֿון שפּראַכן. ווען ניט נמרוד, וואָלטן מיר אַלע נאָך גערעדט לשון קודש און מיר וואָלטן זיך גרינג אײנפֿאַרשטאַנען.

קײן סך צײַט אויף צו שרײַבן בלײַבט ניט. אויף דער שיף איז דאָ פֿון אַלעם גוטן און פֿון אַלעם בײזן. עס זײַנען דאָ שײנע ווײַבער, וואָס פֿון בלויז קוקן אויף זײ, פֿאַרדרײט זיך דער קאָפּ. און גײ שרײַב אָן אַ קאָפּ. און עס זײַנען דאָ פֿערד געיעגן. עס זײַנען פֿאַראַן אַזעלכע פֿערד־געיעגן, בײַ וועלכע עס געווינט דאָס דאַזיקע פֿערד, וואָס גײט אַרײַן דער לעצטער. האָב איך געמײנט, אַז דאָ וועל איך זײַן דער בר מזל. אַזוי ווי בײַ יענע פֿערד, וואָס געווינען, ווען זײ קומען אַרײַן די ערשטע, גײט מײַן פֿערד שטענדיק אַרײַן צום לעצט, האָב איך געמײנט, אַז דאָ וועל איך שוין געווינען, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער מענטש טראַכט און דאָס פֿערד לאַכט. דאָס בלעכענע פֿערד האָט אויך געלאַכט פֿון מיר. דאָס פֿערד אויף וועלכן איך האָב געשטעלט, איז אויף צו להכעיס אַרײַן דאָס ערשטע. פֿונדעסטוועגן האָט מיר צום סוף אָפּגעגליקט און איך האָב בײַם ערשטן שפּיל געוווּנען גאַנצע זעקס טויזנט לירעס. איך האָב זיך אויף זײ דערפֿרײט ווי כּמוצא שלל רבֿ. זאָל, האָב איך זיך געטראַכט, פֿורמאַנען גרינגער ווערן. זאָל ער מיר

ניט כסדר דאַרפֿן נאָכגיין מיט דעם אָפֿענעם טייסטער. אָבער זעקס טויזנט לירעס קלעקן אויף אַ האַלבן טאָג עקאָנאָמישע הוצאות.

און אָט אַזוי האָט זיך פֿאַרענדיקט דער ערשטער טאָג אויף דער שיף. מיר האָבן געגעסן, גערעדט, געקוקט אין ים אַריין, געטראַכט, געשפּילט אין פֿערד און געגאַנגען שלאָפֿן. אַ טאָג אויף דער יבשה האָט קיינמאָל ביי מיר אַזוי לאַנג ניט געדויערט. אַ ים־מייל איז לענגער ווי אַ יבשה־מייל און אַ ים־טאָג איז אויך לענגער ווי אַ יבשה־טאָג.



דער מחבר געזעגנט זיך פאַר זיין אָפּפאָרן קיין ישראל מיט גענעראַל אַרטוראָ בערטאָזשאָ,
שעף פון פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט אין בוענאָס־איירעס.

ווען אונדזער שיף איז אָנגעקומען קיין מאָנטעווידעאָ, האָבן מיר באַשלאָסן ניט אַראָפּצוגייען אין שטאָט. דאָס איז צוליב דער פּאָליטיק פון דער רעפּובליקאַ אָריענטאַל דעל אורוגוויי. עס פירט זיך דאָרט אַזאַ פּאָליטיק, וואָס געפעלט ניט אונדזער לאַנד. ודתיהם שונות — זיי פירן זיך אַנדערש, ווי מיר וואָלטן געוואָלט.

איך האָב מיר מיין מאָטיוו צו האָבן אַנדערע געפילן צו אורוג־וויי. מיין זון, מיין בכור איז אין אָט דעם לאַנד געבוירן געוואָרן און איך האָב פון דאַנען אַ סך זכרונות, וואָס רופן אַרויס אַ טיאַכקע אין הארצן, אָבער „והדת נתנה" — באַפעל איז באַפעל. מען האָט אונדז דאָך ביים אָפּפאָרן פון בוענאָס־איירעס געפירט מיט אויטאָס פון דער רעגירונג צו דער שיף. זיך דערמאָנענדיק אין דעם, שיק איך איבער אַ טעלעגראַמע צום פּאָליציי־שעף, גענעראַל בערטאָזשאַ בזה הלשון:

„דיוויזיע־גענעראַל אַרטוראָ בערטאָזשאָ, שעף פון אַרגענטינער פּאָליציי, בוענאָס איירעס. איך שיק אייך אַ גרוס פון אויסלענדישע וואַסערן. באַטייליקנדיק זיך אין דעם גרויסן טרויער פון דער אַרגענ־טינער נאַציאָן איבער דעם טויט פון אונדזער גייסטיקער שעפין עוואַ פּעראָן, שיק איך דורך אייך איבער מיין קאָנדאָלענץ זיין עקסע־לענץ, דעם פּרעזידענט גענעראַל פּעראָן. אין דער זעלביקער צייט דאַנק איך אייך פאַר אייער אויפמערקזאַמקייט, וואָס איר האָט מיר אַרויסגעוויזן צו מיין אָפּפאָרן. מיט רעספּעקט — אַ. מירסקי".

די שיף שווימט אַוועק, לאָזט מאָנטעווידעאָ אין אַ זייט און פאָר־מאַן טוט זיך זיינס. ער וואַשט וועש. אָבער איצטער טוט ער דאָס שוין נישט אַליין. קליינינקייטן, ווי טיכלעך און שקאַרפּעטקעס, וואַש איך שוין אויך. שלעכט וועט זיין, אויב ער וועט אָנהייבן וואַשן ליי־לעכער מיט ציכלעך. די קאַבינע איז זייער קליין און — ווו וועט מען זיי אויפהענגען? לויט איך האָב זיך אָנגעהערט, וואַשט ער אַמאָל אין ב. איירעס אַפילו דעם טראַטואַר, איז אויב ער וועט דאָס זעלביקע נעמען טאָן אויף דער שיף, בין איך אַ פּאַרטיקער. וואָרום דער צאָלער איז ער דאָך, וואָס זשע פאַר אַ פּנים וועל איך האָבן, אַז איך וועל אים לאָזן אַליין וואַשן? וועל איך דאָך אויך דאַרפן וואַשן, ווען זשע וועל איך שרייבן? און ווען וועל איך שפּילן? וואָרום איר דאַרפט

זויסן, אַז שפּילט שפּילן מען דאָ אַלע שפּילן און אויף אַלע כלים. אפילו מיט פרעמדע ווייבער שפּילט מען אויך. טו איך אַלצדינג אים אויס־צודריקן מיין דאַנקבאַרקייט. צוויי מאָל אין טאָג דערלאַנג איך אים אַ מאַטע. פון צייט צו צייט דערלאַנג איך אים אַ גלאָז זאַפט פון גרייפּ־פרוכט. דער דינערשאַפט האָב איך אָנגעזאָגט: נישט דערוועגן זיך אַריינצוגיין אין קאַבינע מיט אַ פלעדערוויש אין האַנט, ווייל פורמאַן האָט דערצו אַ שוואַכקייט.

ווען אונדזערע פריינט, וועלכע האָבן אונדז באַגלייט, האָבן אָנ־געקוקט אונדזער קאַבינע, האָבן זיי אַ מאַך געטאָן מיט די הענט. „צו קליין". אַפילו באַדן זיך האָבן מיר געמוזט אין אַ רשות הרבים. אונדזער קאַבינע האָט יאָ געהאַט אַ באַזונדער באָדצימער, אָבער ס'איז געווען פאַרלייגט מיט די טשעמאָדאַנעס. מיינט אָבער ניט, אַז מיר זיינען געבליבן אין יענער ענגעניש. קומט אָקאָרשט איצטער אַריין צו אונדז אין קאַבינע, וועט איר זען, וואָס פאַרא השגה צוויי אַזעלכע יידן ווי מיר האָבן און ווי אַזוי מיר פאָרן. איך זאָג אייך — אַ פּאַלאַץ. אָבער מיינט ניט, אַז דאָס האָט פאַר אונדז אויסגעכלאַ־פּאָטשעט דער אָנגעשטעלטער פון „באַנקאָ קאָמערסיאַל", וואָס פאַר־נעמט זיך מיט נאַוועגאַציע און וועלכן מען רופט „דער פלאָט מיניס־טער פון דער באַנק."

נאָר לאָמיר זיך ניט איילן. די געשיכטע פון דער נאַוועגאַציע אָפּטיילונג פון דער באַנקאָ קאָמערסיאַל און איר סיסטעם פון אַרבעט און די אויפטוען פון „פלאָט מיניסטער" זיינען ווערט באַשריבן צו ווערן באַזונדער און דאָס האַזיקע וועט טאַקע געטאָן ווערן ווען מיר וועלן אם ירצה השם אָנקומען קיין איטאַליע.

דאָ וועלן מיר דערוויל פאַרענדיקן מיט אורוגוויי, ווו מיין זון איז געבוירן געוואָרן און וואָס איז איצטער צעקריגט מיט אונדזער לאַנד אַרגענטינע. אַמאָליקע יאָרן זיינען בוענאָס איירעס און מאָנ־טעווידעאָ געווען אַ שטוב מיט אַן אַלקיר און היינט זיינען צוויי שטי־בער און פון איינעם צום אַנדערן איז אַ וועלט די ווייט. לאָמיר האָפן, אַז ביז אָט דאָס בוך וועט דערשיינען, וועלן ארגענטינע מיט אורוגוויי ווידער זיין ווי צוויי ברידער און עס וועט זיין שלום נישט נאָר דאָ, נאָר אַפילו צווישן יידן און אַראַבער, אָמן!

מיר דערנענטערן זיך צו בראַזיל. אַלע פּאַסאַזשירן שטייען אויף דעם אויבערשטן דעק און באַוווּנדערן די שיינע פּאַנאָראַמע און איך זיץ מיר אָפּגעזונדערט און איך באַשרייב „הדר מרא דבשמיא״. ערשט איצטער גיב איך זיך רעכנונג, וואָס פאַר אַ שווערע פּרנסה שרייבע־ריי איז. און, אגב, וואָלט איך געוואָלט וויסן: פון וואַנען נעמען די שרייבער אויף דער הוצאה? נישט יעדער פון זיי האָט דאָך אַ פּורמאַ־נעק! ווען איך מאַך אַ שטיקל חשבון, זע איך, אַז מיין מעצענאַט וועט אויסטראָגן אַ היפּשע אפּותיקא איין זייטל. אָבער נישקשה, מיר קומט דאָס שרייבן אויך אָן נישט גרינג. קיינער וועט זיך מיסתמא נישט גלייבן, אַז דעמאָלט, ווען אַלע האָבן געשפּילט, פאַרבראַכט און גע־קוקט אויף פּאַנאָראַמעס, בין איך געזעסן איינגעהויקערט און גע־מאָלקן די געהירן און געשריבן.

די שיפס־געזעלשאַפט איז ווי יענער מלמד, וואָס ווען ער וואָלט געווען ראָטשילד, וואָלט ער געווען רייכער פון אים, ווייל ער וואָלט נאָך צוגעקנעלט. אויסער דער גרויסער רייזע, אָרדנט איין די שיפס־געזעלשאַפט קליינע עקסקורסיעס, ווען מען קומט אָן אין אַ פּאָרט און זי פירט אַרום די פּאַסאַזשירן, וואָס באַצאָלן, אין די שענסטע געגנטן פון דעם גאַנצן אַרום. איך בין איבערצייגט, אַז דער איינפאַל צו אַר־גאַניזירן אָט די עקסקורסיע איז נישט קיין איטאַליענישער, נאָר אַ יידישער. און טאַקע אַ מלמדס אַן אייניקל האָט געבראַכט דעם איינ־פאַל.

דאָס פאָרן אַרום סאַנטאָס, דעם ערשטן בראַזיליענער פּאָרט, וווהין אונדזער שיף איז אָנגעקומען, האָט אונדז געקאָסט אין פירן אַ קיימאָ־לן פון אַ פיר הונדערט אַרגענטינער פּעזעס. קיין סך זאַכן האָבן מיר נישט געהאט וואָס צו זען. וואָס מיר האָבן באַלד דערזען, איז: געווען גענוג קלאָר און גענוג טרויעריק און נעמלעך: די שווארצע מוטשען זיך, בכדי די ווייסע זאָלן קענען גוט לעבן. און אין לאַנד זיינען פאַראַן פינף און צוואנציק מיליאָן שוואַרצע. ווען בראַזיל וואָלט געהאט אַזאַ פרוי ווי עוויטאַ פּעראָן, וואָלטן די שוואַרצע נישט אַזוי פאַר־שוואַרצט געוואָרן. אָבער נישט יעדער לאַנד האָט דאָס מזל צו האָבן אַזאַ פרוי!

קיין מיטלקלאַס זעט מען נישט. דאָ לעבט מען אָדער גאָר גוט, אָדער מען ליגט, לא עלינו, אין דער ערד און מען באַקט בייגל. אַחינו בני ישראל געהערן צוביידע מינים. פאַראַן אַזעלכע, וואָס זיינען אויבן און אַזעלכע, וואָס זיינען טיף אונטן.

ויסעו מסאַנטאָס, ויחנו בריאָ דע זשאַניירא. צו באַשרייבן ריאָ דע זשאַניירא, דאַרף מען זיך אונטערגאַרטלען. איך פיל, אַז פאַר מיר, אייזיק מירסקי פון פינסק, איז דאָס באַשרייבן ריאָ, אַ שטאָט, וואָס מען זאָגט אויף איר, אַז זי איז די שענסטע אין דער וועלט, איבער די כוחות. איך וואָלט געקענט אַרויסנעמען עפּעס פון ביכער. מיר האָבן אויף דער שיף רייזע־ביכער, וואָס באַשרייבן אַלע געגנטן, וואָס מיר פאָרן דורך. האָב איך מורא, אַז מען זאָל מיך ניט פּאַקן ביי דער האַנט. איך וויל ניט האָבן דעם רויטן (רב) ביקם סוף. בעסער זאָל איך זיין אָרימער און האָבן בלויז אייגנס, איידער איך זאָל זיין רייכער און מען זאָל זאָגן אויף מיר, אַז איך בין אַ גנב.

אַזאַ פּליאַזשע ווי קאָפּאַקאַבאַנאַ האָב איך אין מיין לעבן נישט געזען. עס קען זיין, אַז ביי אונדז אין אַרגענטינע זיינען אויך פאַראַן אַזעלכע פּליאַזשעס, אָבער ווען האָב איך צייט געהאַט זיי צו באַטראַכטן? מאַר דעל פּלאַטאַ האָט יאָקאָס אויך נישט קיין מיאוסע פּליאַזשע. אויף די פאָטאָגראַפיעס פון דער מאַר דעל פּלאַטער פּליאַזשע איז פאַראַן אַ הויכע געביידע, וואָס רופט זיך „קאַסינאָ”, איז אָט אַ דעם בנין קען איך מכף רגל ועד ראָש, הלוואי וואָלט איך אים ווייניקער געקענט און מערער געקענט זיין סביבה.

מיר מאַכן אַ רייזע אַרום ריאָ. אונדזער שאָפער הייסט דאַ סילוויאַ און ער איז מזרע האַשוואַרצע. ער איז אַ יונג אַ ברען און אַ סימפּאַטישער דערצו. און ער רעדט דווקא נישט אויף די ווייסע. ער זאָגט, אַז זיינע שוואַרצע ברידער זענען אַזוי אָפּגעשטאַנען, ווייל זיי זיינען פויל און זיי ווילן נישט אַרבעטן. זיי באַגניגענען זיך בדאַי מיט אַ קלייניקייט, אַבי נישט צו דאַרפן אַרבעטן. דאָך זעען מיר, אַז עס וואָלט נישט געשאַדט עס זאָל הערשן אַביסל מער יושר אין לאַנד.

דער ציל פון אונדזער עקסקורסיע איז דער פּונקט, וווּ עס שטייט דער מאָנומענט פון יעזוסן. דער דאָזיקער מאָנומענט הייסט: „יעזוס קריסטוס, דער דערלייזער”. אונדזער לאַנדסמאַן, ישו דער נוצרי, געפינט זיך אויף אַ באַרג, וואָס איז 710 מעטער די הייך. און ער איז דאָרט ניט קיין איינזאַמער. נעבן אים שטייט נאָך אַ ייד און דווקאַ ניט פון קיין שטיין. אַ לעבעדיק יידל, וואָס הייסט טורעצקי, שטייט

דאָרט און פאַרקויפט דאָס בילד פון ישון און נאָך הייליקע בילדער. דאָס דאָזיקע יידל האָט קיין תורה נישט געלערנט, קען ער נישט דעם פסוק: „ולא תביא תמונה בבית ה׳״ — זאָלסט נישט ברענגען קיין בילד אין גאָטס הויז.



דער מאָנומענט פון „גואל ישו הנוצרי״

פון יידישקייט ווייסט אָט דער ייד גאָרנישט. ער קען אַפילו ניט קיין קאַפע-הויז אין ריאָ, וווּ עס קומען זיך צונויף יידן. אַזעלכע יידן זיינען שוין היינט פאַראַן אַ סך אין די דרום אַמעריקאַנער לענדער. מיר זיינען אַוועקגעפאָרן ווייט, ווייט... און אַ סך זיינען אַוועקגעפאָרן ווייט פון זיך אַליין... מיר האָט זיך זייער געוואָלט עפּעס זאָגן אָט דעם

טורעצקין און איך װאָלט געװאָלט, אַז מײַנע כלי קודש גראַקאָפּ און פּורמאַן זאָלן אין אים אַרײַנקנעלן אַביסל ײִדישקײט, אָבער עס איז שױן געװען שפּעט און מיר האָבן שױן געדאַרפט לױפן צו דער שיף. פון בראַזיל האָבן מיר קױם געזען שטיקלעך און ברעקלעך. און װען אונדזער אױטאָ האָט געיאָגט צו דער שיף, האָב איך געדאַנקט גאָט, װאָס איך פאַרקױף נישט קײן קריסטלעכע בילדער און איך אַנטלױף נישט פון זיך אַלײן, נאָר איך פאָר קײן ישראל און איך קער זיך אום צו זיך, נאָענט צו זיך... און אפשר דאַרף אַזױ זײַן! האָבן מיר דער קריסטלעכער װעלט געגעבן אַ גאָט, האָבן מיר איר אױך געגעבן אַזעלכע, װאָס פאַרקױפן זײַנע בילדער אין גרױסן בראַזיל, װו דאָס ביסל ײִדן פון אַלע מינים — און די מײנסטע זײַנען דאָרט גוטע ײִדן — זײַנען װי אַ טראָפּן אין ים.

מיר פאָרן ווייטער. גראָקאָף ווייזט מיר אויף אַ טישל, ביי וועלכן עס זיצן צוויי מענער און דריי פרויען און ער זאָגט מיר:

— איר זעט? דאָס זיינען יידן.

און אַ מאָדנע זאַך: אונדז האָבן נישט געפעלט קיין יידן אויף דער שיף. מיר זיינען אין צווייטן קלאַס געווען אַן אַכציק פּאַסאַזשירן. און ווען מיר האָבן דערהערט, אַז עס זיינען צוגעקומען נאָך יידן, איז אונדז געוואָרן פריילעכער.

און קיין טעות האָט ער ניט געמאַכט. דאָס זיינען געווען פינף בראַזיליענער יידן, וואָס זיינען, פונקט ווי מיר, געפאָרן קיין ישראל. און מצאָ מין את מינו. איינער איז געווען אַ קאָלעגע אַ כלל-טוער. אַזוי ווי איך בין אַ שטיקל פיזיאָנאָמיסט, האָב איך באַלד דערקענט, אַז ער איז אַ ווילער און פשוטער ייד, כאָטש ער איז פון די פני העיר. איך וועל נאָך שרייבן וועגן אים, ווען איך וועל אים נענטער דערקענען, דערווייל לאָמיך דאָ אַריינשרייבן אַ פּאָר גוטע ווערטער וועגן אים, זאָל ער האָבן אַ „גוטע רעצענזיע". טאָמער מאַכט זיך, איך וועל אַמאָל פאַרוואָרפן קיין בראַזיל, לאָמיך האָבן ביי וועמען צו קריגן אַ טובה און אַ גמילת חסד...

דעם אמת געזאָגט, האָבן אַלע פינף יידן אויסגעזען גאַנץ סימפּאַטיש. ווען יידן פאָרן קיין ישראל, האָבן זיי אַ צלם אלוקים און עס רוט אויף זיי די שכינה. דער כלל טוער הייסט ישראל סטאַראָסטאַ. ער פאָרט איינעם מיט זיין פרוי. ניט צו קיין קרובים פאָרן זיי, נאָר סתם אין יידישן לאַנד אַריין. גאַנץ ישראל איז דאָך אַ קרוב. ער פירט אַ גאַנץ פיינעם באַגאַזש פאַר דער וויצאָ און סתם פעקלעך פאַר יידן פון אַ גאַנץ יאָר. גאָט זאָל זיך מרחם זיין און יידן זאָלן אויפנעמען אַזאַ מענטשן. ווי ער, אַזוי ווי ער פאַרדינט.

דאָס צווייטע פּאָר פּאָלק הייסט סאָבעלמאַן. ער הייסט אברהם, צי זי הייסט שרה, ווייס איך ניט. דעם בראַזיליענער קינטעט דערגאַנצט אַ פרוי מיטן נאָמען פּאַסקאָווישץ. זי איז די מחותנתטע פון אונדזערן אַ לאַנדסמאַן מיטן נאָמען אָשר קעלבערמאַן און זי פאָרט צו אַ טאָכטער אויף דער חתונה.

און אַז מצאָ מין את מינו, יידן פון אַרגענטינע האָבן זיך צונויפ-

גערעדט מיט יידן פון בראַזיל, רעדט מען וועגן הערן און געדענקען. מען דערציילט ווי אַזוי מען לעבט און וואָס מען טוט אין איין לאַנד און ווי אַזוי מען לעבט און וואָס מען טוט אין אַ צווייטן לאַנד. עס פעלן ניט קיין צרות, אָבער עס פעלט, גאָט זיי דאַנק, אויך נישט קיין נחת.

## אונדזער קליינע געזעלשאַפט



פון רעכטס צו לינקס: אייזיק פורמאַן, אשר און פרוי גראָקאָפּ, אַאידאַ און קאַרלאָס פּערעטי און דער מחבר.

דער וועטער איז וואונדערבאַר. דער ים פירט זיך אויף סטאַטעטש־נע. ער גיט קוים אַמאָל אַ ריר מיט אַ כוואַליע. די שיף גליטשט זיך ווי אויף פּוטער. עס איז אַ פאַרגעניגן צו זיצן און זיך וויגן און די זון

סמאַליעט צו. וויל מען, גיט מען זיך אַ באָד אָפּ אין דעם שווים־באַסיין (פּילעטע) און מען לעבט ווי גאָט אין אָדעס און אפשר נאָך בעסער. ווייל ביים היינטיקן רעזשים אין אָדעס, לעבט זיך דאָרט דעם רבונו של עולם מיסתמא ווי די יידן ביי היטלערן און טאַקע ביי — סטאַלינען...

עסן איז דאָ לרוב. די קעלנער האָבן געקראָגן אַ באַפעל, אַז זיי זאָלן אונדז דערלאַנגען, וואָס נאָר מיר ווילן. עפּעס אַ קלייניקייט! איך בין פאַרשריבן ווי אַ מאָלער פון קונסט־בילדער און פורמאַן איז פאַרשריבן ווי אַ באַנק־דירעקטאָר. ער האָט שוין באַקומען צוויי טעלעגראַמעס אויף דער שיף אַרויף, איינע פון קאַרלאָס טשערווין און איינע פון דער באַנק אַליין און איןביידע האָט זיך געזאָגט „סעניאָר דירעקטאָר דעל באַנקאָ קאָמערסיאַל”. און כטוב לב המלך במאַטע, גיט מיר פורמאַן אַ שילדער אָפּ אַלע באַנק דירעקטאָרן און ער מאַכט זיי אַזוי נאָך, אַז קיין טעאַטער דאַרף מען נישט. אָבער דאָס דאָזיקע טוט ער נאָר ווען מיר זיינען ביידע אַליין. ווען מיר זיינען אין דער געזעלשאַפט מיט די בראַזיליענער יידן זיינען מיר ערנסט! שאַט, יידן פון אַרגענטינע און יידן פון בראַזיל האָבן זיך געפונען און זיי פאָרן אינאיינעם קיין מדינת ישראל.

איך האָב קיינמאָל קיין באַלאַנס נישט געמאַכט און איך ווייס נישט וויפל איך פאַרמאָג, אָבער איך ווייס, אַז איך דאַרף נישט קיין גרויסן בוכהאַלטער. און קיין חשבון הנפש האָב איך אויך קיינמאָל נישט געמאַכט, ווייל איך האָב קיין צייט נישט געהאַט דערצו. איז איצטער געקומען די צייט צו מאַכן אַ שטיקל דין וחשבון איניינעם מיט אַ חשבון הנפש. אויף דעם האַרצן איז נישט שלעכט און פאָרן פאָר איך אין אייגענעם לאַנד אַריין...

האָבן זיך געגעבן אַ קאַטשע אויף צוריק אַכט און צוואַנציק יאָר. אָט פאָר איך אויף דעם זעלביקן וועג. אָבער קיין אַרגענטינע פאָר איך... איך בין דעמאָלט געפאָרן אָן איין סענט. און איצטער פאָר איך אויך אָן געלט. בגפו יבוא, בגפו יצא. אָבער איצטער איז גרינגער. איצטער איז — צדק לפני יהלוך: מיין מעצענאַט פאָרט פאָרויס און ער האָט אין טייסטער אַלערליי וואַליוטעס. עס ווייזט אויס, אַז מיין לאַנדסמאַן האָט אויסגעלערנט די גאַנצע מאַפּע פון אונדזער רייזע אויף אויסנווייניק און ער האָט מיטגענומען אַלע וואַליוטעס פון די לענדער, וואָס מיר פאָרן דורך.

און אָט דערפאַר מאַך איך אַ חשבון, אַז אַהין צו וועגס האָב איך טאַקע גאָרניט געהאַט, אָבער צוריקוועגס, איצטער, האָב איך יאָ. עס מאַכט נישט אויס, וואָס די הוצאות צאָלט פורמאַן און נישט איך. וואָרום אויב ער באַצאָלט פאַר מיר פינף און צוואַנציק טויזנט פּעזעס, האָב איך דאָך מיסתמא דאָס ווערט. אונדזערע חכמים האָבן געזאָגט „אל תסתכל בקנקן, אלא במה שיש בו”. און מיסתמא האָט ער אין מיר דערזען אַזאַ כלי, וואָס אינדרויסן זעט זי נישט אויס אַזוי איי, איי, אָבער אינעווייניק האָט זי עפּעס, וואָס איז ווערט. וויפל אַרגענטינער — און פאַר וואָס נאָר אַרגענטינער? — יידן וואָלטן נישט גע־וואָלט מאַכן אַזאַ רייזע, נאָר זיי קענען נישט?

און איך האָב דעם חשבון ווייטער געפירט: אַנטקעגן מיר, אויף דעם טיש. שטייט מיין גאַנץ פאַרמעגן. וחייך תלוים לנגד עינך. דאָס גאַנצע לעבן מיינס איז אַנטקעגן מיר. אָט שטייט דאָס בילד פון מיין טייערער פרוי, מיין געטרייע לעבנס-באַגלייטערין, און פון מיינע דריי טייערע קינדער. כשמם, כן הם, זיי זיינען אַזוי ווי זיי הייסן. זיי זיינען

מזרע מירסקי. רשי זאָגט „וחייך זה פניך" — דיין לעבן מיינט: דיין פנים... און די קינדער האָבן אונדזער פנים. און איך האָב אַ פנים צו־ליב זיי... אויף חיונה האָב איך זיי איבערגעלאָזט. איי, איך האָב אי־בערגעלאָזט די יידישע שטאָט אַזוי אַ און עס וועט אויספעלן ווער ס'זאָל בעטן אַ טובה ביי פּאָליציי, ווי איך טו דאָס אַ גאַנץ לעבן... וועלן ווייב און קינדער גייען בעטן אין מיין נאָמען. און אַ נאָמען, גלייב איך, האָב איך איבערגעלאָזט אין שטאָט, אַ גוטן. אַבי מען וועט אים נישט פאַרפּאַטשקען. פאַר דעם אַוועקפאָרן האָב איך געטיילט קוויטלעך מיט קמיעות און אַפילו מיינע חברים די „מנגנים", האָב איך נישט געלאָזט אויף הפקר, איך האָב זיי פאַרזאָרגט מיט אַ זעקס־טער האַנט... וואָרום, וואָס זיינען זיי נעבעך שולדיק, וואָס מיר האָט זיך פאַרגלוסט אַוועקפאָרן אין אייגענעם לאַנד אַריין און צו מיינע ברידער און שוועסטער.

און ווען איך האַלט ביים סך־הכול פון די 28 יאָר, ווער איך דער אַלטער שמח בחלקו און איך בין צופרידן. איך פיל נישט, אַז מיר זאָל חלילה עפּעס פעלן. אָבער אַ מאָדנע זאַך: ווען איך רייד, אַ שטייגער, מיט גראָקאָפן, וועגן אַ קאַטאַסטראָפע אויף דער שיף, זאָגט ער צו מיר: אוודאי, וואָס האָט איר צו אָנווערן? ער איז זיכער, אַז ווייל ער איז רייך, האָט ער מער צו אָנווערן. איך אָבער פיל דאָס נישט. כאָטש איך האָב קיין געלט נישט, פאַר איך אין אַ שענערער קאַבינע ווי ער און איך בין פאַרשריבן אַנדערש אין צעטל ווי ער. און איך זאָג אים:

— ווען עס געשעט חלילה אַ קאַטאַסטראָפע מיט אונדז, וואָלט מען ביים אַלגעמיינעם קאַמפּיין דערמאָנט, אַז עס פעלן גראָקאָפס פינף און צוואַנציק, אָדער פופציק טויזנט פעזעס, אָבער אין מירסקין וואָלט מען אויך נית פאַרגעסן. אין הונדערטער יידישע הייזער וואָלט מען געזאָגט: „ווען מירסקי וואָלט איצטער געלעבט..." און מען וואָלט געזאָגט: „דאָס איז דאָך דער זעלביקער מירסקי, וואָס זיין נאָמען איז קיינמאָל נישט דערמאָנט געוואָרן אין קיין צייטונגען און וועלכן מען האָט קיינמאָל קיין באַנקעטן נישט געמאַכט, אָבער ער האָט געטאָן אַ סך גוטס און אַ סך טובות צו יידן און ער איז געווען, ווי געבירטיק האָט געזאָגט, אַ ווילער יאַט".

די שיף האָט זיך ווייטער געוויגט איבער די גרינע וואַסערן און זי האָט געצויגן איר וועג קיין ארץ ישראל און איך בין געפאָרן אַהין און צוריק. אָט בין איך געפאָרן צוריק מיט אַכט און צוואַנציק יאָר קיין אַרגענטינע און אָט בין איך געפאָרן מיט אַכט און צוואַנציק יאָר



**דער מחבר מיט זיין אין אַרגענטינע אָפּגעשפּאָרטן פאַרמעגן**

פון רעכטס צו לינקס — אויבן: וויקטאָר, חוה און שייקע — די קינדער. אונטן די פרוי פון מחבר, בלומע און דער מחבר אַליין.

שפּעטער און דער חשבון האָט מיר נישט געוויזן קיין דעפּיציט. איך האָב נישט פֿאַרלוירן מיין לעבן אומזיסט. איך געהער צו די דאָזיקע, וואָס האָבן נישט קיין קאַפּיטאַל און זענען דאָך נישט אָרים. און מיין טאָג־בוך פֿיר איך טאַקע בכדי צו באַשרייבן דאָס לעבן פֿון די אָרימע, וואָס זיינען נישט אָרים. און דאָס בוך מיינס וועט זיין אויך זייערס. אַלעמענס בוך וועט דאָס זיין. אָט אָ דאָס האָט מיר געוויזן דער באַ־לאַנס פֿון מיינע אַכט און צוואַנציק יאָר אין אַרגענטינע.

איר ווייסט, וואָס עס מיינען אָט די דריי ווערטער? עס מיינט: היינט פאָרן מיר דורך דעם עקוואַטאָר. די מיט־וועלט פאָרן מיר דורך. אויף אָט דעם פלאַץ האָט דער רבונו של עולם אַמאָל אַ זאָג געטאָן: יהי אור — ס׳זאָל זיין ליכט — און ס׳איז געוואָרן די זון.

אויף דער שיף איז אַ סומאַטאָכע. מען גרייט זיך צום יום טוב. עס איז אַ סברא אַז די מאַטראָסן האַלטן דאָס פאַר אַ גאָר גרויסן יומא דפגרא. מען האָט שוין אַפילו צוגעגרייט אַ ים־מלכה. דער כביכול פון ים, דער גאָט נעפּטון, וועט זיין אַן איטאַליענישער גוי, וואָס הייסט דאַקעלאַ. עס וועט פאָרקומען אַ צערעמאָניע פון עקוואַטאָר־טובלע־ריי. מען וועט טובלען אין די הייליקע וואַסערן די דאַזיקע, וואָס פאָרן דורך צום ערשטן מאָל דעם עקוואַטאָר און איך פאָר דאָך שוין צום צווייטן מאָל. אָבער זאָל מיינס איבערגיין. וואָס האָב איך מורא צו האָבן? מען וועט מיך אַריינוואַרפן אין „מיקווה״ אַריין? וואַרף איך זיך דאָך אַליין אַריין אַלע טאָג אין איר. דזשוזעפּע זאָגט, אַז אין אָט דעם גרויסן טאָג מוז מען זיך טשעפּען צו די שיקסעס. אַז מען מוז, איז דאָך ניט שייך. איינס זע איך: אַלע האָבן זיי רוּאיקע קעפּ און זיי ווילן נאָר הנאה האָבן.

צען אַזייגער אין דער פרי זיינען מיר אַלע געווען במקום הקודש און מיר האָבן געוואַרט אויף די כלי קודש. און זיי האָבן לאַנג ניט געלאָזט וואַרטן אויף זיך. זיי זיינען אַראָפּגעקומען מיט אַן אָרקעסטער מוזיק און אויסגעשמירט זיינען זיי געווען פּונקט ווי די פּורים־שפּי־לער. און מען נעמט אויפרופן די פּאַסאַזשירן איינס נאָך איינס, ווי צו די הקפות. און אַז מען רופט, מוז מען גיין, קיין קונצן העלפן נישט. אַז נישט, ברענגט מען מיט די מלאכי חבלה.

עס קומט אָן מיין ריי און מען זעצט מיך אַוועק אויף דעם כסא המלכות. די מלאכים פון ים הייבן מיך אָן צו באַגיסן מיט שאָקאָלאַד, זייף, פאַרב און איך ווייס אַליין ניט מיט וואָס און איך ווייס, אַז מען וועט מיך באַלד אַריינוואַרפן אין באַסיין אַריין. בשעת מעשה כאַפּ איך אַרום אַ קאָרענטינער מלכה, ס׳הייסט אַ שיקסע, טאָמער טרינק איך זיך און איך פאַל אַריין אין גיהנום, זאָל זי כאָטש זיין אַ מליץ יושר פאַר מיר. אין אָוונט האָט מען מיר דערלאַנגט אַ דיפּלאָם, אַז מען האָט מיך געקרוינט און אַז דער גאָט פון ים האָט מיר אַ נאָמען געגעבן

נישט „לוויתן‘, נישט אפילו „קאַרפּ‘, נאָר אַ נאָמען פון אַ נישט גרויסן פיש, וואָס מען רופט „מערלוסאַ‘.

די טעג דערנאָך זיינען שוין געקראָכן ניט מיט אַזויפיל יום טוב־דיקייט. איך האָב נישט אויפגעהערט טראַכטן סיי וועגן מיין מישפּחה, וואָס איך האָב געלאָזט אין ב. איירעס און סיי וועגן מיין מיש־פּחה, צו וועלכער איך פאָר קיין ישראל. 29 יאָר האָב איך די דאָזיקע נישט געזען. דעם קלענסטן ברודער, באַניען, געדענק איך קוים. אַ סך נעכט ליג איך און איך טו נישט צו קיין אויג. און אַז עס געשעט נישט גאָרנישט, שרייב איך נישט. איך קען דאָך נישט אויסטראַכטן, איך קען דאָך קוים שרייבן דעם אמת. וואָס צו לייענען, האָב איך אויך נישט. איך האָב געקראָגן ד״ר חיים ווייצמאַנס אויטאָביאָגראַפיע, גע־שאָנקען פון מיין ליבן פריינד לוצקי פון דער בוכהאַנדלונג קאַפּלאַנס־קי, אַ בוך פון 654 זייטן, האָב איך אים שוין אויסגעלייענט. פורמאַן פירט מיט זיך אַביסל דערציילונגען פון שלום עליכמען, האָב איך זיי שוין געלייענט. מיר דאַכט זיך, אַז איך האָב זיי געלייענט באַלד ווי דער שרייבער האָט זיי אָנגעשריבן, כאָטש אָנגעשריבן האָט ער זיי איידער איך בין געבוירן געוואָרן. אויף דער שיף איז דאָ אַ גאַנץ שיי־נע ביבליאָטעק, אָבער אויף איטאַליעניש. און איטאַליעניש פאַרשטיי איך, ווען מען רעדט און איך רעד אַליין אויך אַביסל, אָבער לייענען איז מיר שווערלעך. ס׳איז אַלציינס ווי פאָרן אויף אַ פרעמדן וועג.

פאָקער האָב איך געשפּילט נאָר איין מאָל. זיי שפּילן זייער שלעכט. ווען זיי נעמען די קאָרטן אין די הענט אַריין, לייגן זיי זיי אוים לויט דעם סדר און זיי ציילן, צי זיי האָבן שוין אַ „ליטער‘ (עסקאלערא) און אַז זיי האָבן, עפענען זיי. איך פיל זיך נישט אָנגע־נעם, ווייל איך בין ניט געוווינט צו געווינען. אין אונדזערע קרייזן, אַז נאַטאַן, אָדער לעאָן עפנט, גיט מען מיר, אָדער סעסיליאַן דריי קאָרטן, ווייל זיי דאַרפן שוין ניט און מיר וואַרטן עס זאָל געשען אַ נס אויף צו קענען געווינען.

אָבער דאָס שפּילן האָב איך פאַרגעסן. דעם יום הרת העולם גע־דענק איך. מען האָט מיך געטובלט אין מיט וועלט.. איך בין געוואָרן סענטימענטאַל און מיך אַרט ניט, וואָס מען וועט זאָגן, אַז איך בין צעדרייט. עפּעס פאָר איך דאָך אין יידישן לאַנד אַריין און צו אייגע־נע, וואָס איך האָב נישט געזען ניין און צוואַנציק יאָר. איז טאַקע די גאַנצע רייזע פאַר מיר אַ הרת העולם. יעדן טאָג זאָג איך דעם „היום הרת העולם‘.



מען טובלט דעם מחבר ביים עקוואַטאָר

און אַט זײַנען מיר שוין אין אַפריקע. נאָך דעם, וואָס מיר זײַנען געווען אין מיטוועלט, האָט דאָס אונדז שוין פאַרשלעפּט אויך קיין עק־וועלט.

אַ פראַנצויזישע קאָלאָניע איז דאָ אין מערב־אַפריקע, וואָס איר נאָמען איז סענעגאַל. די הויפּטשטאָט פון אַט דער קאָלאָניע הייסט דאַקאַר. צי אָדם הראשונס פוס האָט דאָ געטראָטן, ווייס איך נישט, אָבער איך בין דאָרט געווען.

ביים אָנקומען קיין דאַקאַר, האָט די שיפסגעזעלשאַפט איינגעאָרדנט אַן עקסקורסיע און אונדזער גרופּע האָט זיך פאַרשריבן און באַצאָלט. דערנאָך אָבער האָבן מיר חרטה געהאַט און מיר האָבן זיך אַליין געדונגען אַן אויטאָ. און ווען מיר זײַנען צוריקגעקומען, בין איך צוגעגאַנגען צום קאָמיסאַר פון דער שיף און אים געבעטן, אַז ער זאָל אונדז צוריק גיבן אונדזער געלט, ווײַל מיר זײַנען געפאָרן אויף אייגענעם חשבון. דער קאָמיסאַר האָט זיך אַביסל געקווענקלט, אָבער ער האָט געזען, אַז איך שרייב אַ בוך — איך אַליין האָב נאָך דעמאָלט נישט געוווּסט, אַז איך וועל אים דרוקן, איך האָב געמיינט, אַז אים זועט לייענען נאָר איין גרעגאָריאָ — און ער האָט געמיינט, אַז איך בין אויך אַ רעפּאָרטער, האָט ער געוואָלט אויסמײַדן אַ סקאַנדאַל און ער האָט צוריק געגעבן דאָס גאַנצע געלט.

און דאָס איז נאָך געווען ווייניק, מען האָט מיך פאַרנאַכט איינגעלאַדן צו אָנקוקן דעם מעכאַניזם פון דער שיף. קיין גוואַלדאָוונער מעכאַניקער בין איך ניט. אָבער ווען איך בין צוריקגעקומען, האָב איך דערקלערט אַלע מײַנע פרײַנט און באַקאַנטע, אַז מיר קענען בלײַבן רואיק. ס'איז דאָ אויף וועמען זיך צו פאַרלאָזן. די שיף האָט ריזיקע צוויי מאָטאָרן און יעדער מאָטאָר האָט צו פיר און צוואַנציק צילינדערס. יעדער צילינדער ווידער האָט דריי טויזנט פערד קראַפט. אינײנעם איז דאָס צוויי און זיבעציק טויזנט פערד קראַפט. צו וואָס זי דאַרף אַזויפיל פערד, ווייס איך ניט. עס קומט עפּעס אויס, אַז יעדן מענטשן שלעפּן ביי די פערציק פערד.

און דאָס איז נאָך אויך געווען ווייניק. דערנאָך האָט ערשט דער קאָמיסאַר מיר דערלאַנגט דעם ספר הזכרונות און געבעטן אַרײַנצו־

שרייבן. און איך האָב געקלערט, אַז עס איז נאָך אַ גליק, וואָס ער בעט אַריינשרייבן נאָר אַ פּאָר ווערטער, וואָס וואָלט איך געטאָן, ווען ער בעט מיך איך זאָל האַלטן אַ לעקציע וועגן ליטעראַטור און פֿור־מאַן זאָל האַלטן אַ לעקציע וועגן פֿינאַנצן?

פֿון די אַלע לייכטע זאַכענישן, שטויסט איר זיך אָן, אַז מיר זיי־נען צופֿרידן פֿון אונדזער יאַזדע און אַז מיר פֿאַרברענגען נישט שלעכט. אַ סך מאָל לאַכן מיר זיך אָן, אַז עס גייט אַ רויך. פֿורמאַן האָט אַ טבע, אַז ווען אים פֿאַלט עפּעס איין, מעג עס זיין אין מיטן דער נאַכט, ווען איך שלאָף, וועקט ער מיך אויף און ער דערציילט דאָס מיר. און ניט איין מאָל האָבן מיר געלאַכט נאָך האַלבער נאַכט, מיט פֿאַרשלאָפֿענע אויגן. אָבער מיינט ניט, אַז נאָר צוליב שפּאַס פֿלעג ער מיך קענען אויפֿוועקן. ער האָט מיך געקענט אויפֿוועקן אויף צו פֿרעגן, צי איך קען פֿאַרצירעווען שקאַרפּעטקעס, אָדער שטריקן אַ סוועטער, ווייל ער פֿירט מיט זיך אַלערליי מאָסן נאָדלען און אַלערליי קאָלירן פֿאָדים.

פֿון דאַקאַר אַליין, דער הויפּטשטאָט פֿון סענעגאַל, איז אונדז גע־בליבן נישט אַזאַ וואַזשנע איינדרוק. איך האָב אייך שוין דערציילט, אַז מיר זיינען געפֿאָרן מיט אַן אויטאָ, וואָס מיר האָבן אַליין געדונ־גען. מיר האָבן געקוקט. מיר האָבן געוואָלט זען מיט וואָס אַפֿריקע איז אַנדערש פֿון אַמעריקע. מיר האָבן געזען פֿאַרשידענע געוויקסן און ביימער, וואָס זיינען אַנדערש ווי ביי אונדז. און רויטע קאָלירן זעט מען אַזוי פֿיל. רויטע בלעטער, רויטער צווייג, רויטע בלומען. די זון ברענט דאָ שטאַרק.

וואָס מיר האָבן יאָ געזען איז געווען אַ שרעקלעכע אָרימקייט. אוי, ווי די שוואַרצע אַפֿריקאַנער ווערן פֿאַרשוואַרצט. ווי זיי מוטשען זיך און הונגערן. און דאָס איז אונטער דער אַפּיטרופּסות פֿון דעם לאַנד, וואָס האָט געמאַכט די רעוואָלוציע און וווּ מען זינגט די מאַר־סעליעזע. קיין אָנהענגער פֿון דריטן אינטערנאַציאָנאַל, אָדער קאָמינ־פֿאָרם, ווי ער הייסט איצטער, בין איך ניט, אָבער, ווען איך האָב גע־זען די אָרימקייט פֿון די שוואַרצע אין סענעגאַל, בין איך געווען גרייט צו זיין פֿאַר אַ פּערטן און אַפֿילו פֿאַר אַ צענטן אינטערנאַציאָנאַל. מען מעג אים אָרגאַניזירן אומעטום, מעג זיין אין דאַקאַר, אַבי עס זאָל נישט הערשן אַזאַ אָרימקייט.

מיר האָבן זיך נאָכגעפֿרעגט אויף יידן. מען האָט אונדז געזאָגט, אַז דאָרט זיינען יאָ פֿאַראַן אַביסל יידן, אָבער קיין יידיש ריידן זיי

נישט. זיי ריידן פֿראַנצויזיש, וואָס איז די שפּראַך פֿון דער פּראָווינץ. און אויף פֿראַנצויזיש זיינען מיר שוואַכלעך, האָבן מיר דאָס איבער־געלאָזט פֿאַר גרעסערע פֿראַנצויזן פֿון אונדז.

מיר האָבן געזוכט אייגנאַרטיקע זאַכן, אָרטיקע פּראָדוקטן, אָבער מיר האָבן גאָרניט געפֿונען. עס זיינען געווען קעמלעך פֿון מאַרפּיל און עפּעס בראַזלעטן. פֿורמאַן האָט געקויפֿט אַ בראַזלעט פֿאַר רבקהן און איך האָב געקויפֿט אַ קעמל, אפֿשר וועל איך זיך טרעפֿן מיט גענעראַל נאַגיב... דערמאָנענדיק זיך ווי אַזוי עס האָבן אויסגעזען נעבעך די מענטשן, וואָס האָבן אונדז פֿאַרקויפֿט די דאָזיקע זאַכן, האָבן זיי אונדז געבריט אין די הענט. איי, „לעבט" מען עס אין אפֿריקע!

און איצטער איז געקומען די ריכטיקע צייט איך צו דערציילן די מעשה מיט די שיפסקאַרטן, מיט דעם פלאַט־מיניסטער פון באַנקאַ קאָמערציאַל און מיט דעם, ווי אַזוי מיר האָבן זיך געמוטשעט זיבן טעג אין איטאַליע. עס איז איצטער געקומען די צייט, ווייל מיר האַלטן שוין ביי איטאַליע. מיר זיינען בשלום איבערגעקומען די רייזע און מיר זיינען אין גענאַווא.

די מעשה פון דער געשיכטע איז אַזאַ מין היסטאָריע: מיין שיפס־ברודער, דער הויפטהעלד פון דער רייזע, וואָס איך באַשרייב אייך, איז דירעקטאָר פון „באַנקאַ קאָמערסיאַל", וואָס איז איינע פון די פאַלקסטימלעכסטע יידישע בענק אין בוענאָס איירעס. און ער האָט געקויפט אונדזערע שיפסקאַרטן טאַקע אין יענער באַנק. איך האָב אים געזאָגט, אַז איך קען קריגן די שיפסקאַרטן מיט זיבן פּראָצענט ביליקער, אָבער ער האָט דערפון נישט געהאַלטן. ער האָט מיר גע־זאָגט, אַז די זיבן פּראָצענט פאַרדינט די באַנק, בכדי זי זאָל האָבן אויף צרכי ציבור. און ער האָט מיר אויף גיך געגעבן אַ רעכן אויס אויף וואָס די באַנק גיט. ער האָט געציילט אויף די פינגער: פּאַריי־ניקטער קאַמפּיין, שפּיטאָל, מושב זקנים, בית יתומים, ביקור חולים, ייוואָ, קולטור קאָנגרעס, ביכער פון יידישע שרייבער, רופא חולים, סומך נופלים, מתיר אסורים... נאָר אויף דעם „פלאַקס קאַמפּיין" פון די „פּראָגרעסיווע" גיט זי די ארץ ישראל פרי — אַ פייג. און ווו איז יידיש טעאַטער?

פאַרשטייט איר דאָך, אַז איך בין שוין געבליבן אָן לשון. אָבער פורמאַן האָט נאָך דערמיט ניט פאַרענדיקט. ער האָט מיר גענומען דערוויזן, אַז מען מוז קויפן אין דער נאַוועגאַציע־אָפּטיילונג פון באַנק, בכדי צו ראַטעווען איר העכסטן שטאַנד. און דאָ הייבט זיך אָן דער סאַמע צימעס. די „באַנקאַ קאָמערסיאַל" האָט זייט שטענדיק אָן טייערע דירעקטאָריומס און די גרעסטע פּרעזידענטן פון בוענאָס איירעס און זי איז בכלל איינע פון די בעסטע יידישע אינסטיטוציעס אין לאַנד. און אָן אַ אייגענעם בנין האָט זיך די דאָזיקע באַנק אויסגע־בויעט אין די צוויי טויזנטער פון קאָריענטעס, אויף אַלע אונדזערע

ליבע געזאָגט געוואָרן. אָבער ביים בויען האָט מען זיך פאַרעכנט און אויסגעבויעט מער מיט אַ שטאָק. אַ גליק, וואָס מען האָט נישט אויסגעבויעט ווייניקער מיט אַ שטאָק.

איז אַרויסגעשווומען אַ פראַגע: וואָס טוט מען מיט דעם איבעריקן שטאָק? זיינען געקומען פאַרשידענע מיינונגען. ווער עס האָט גערעדט וועגן אַ זאַל פאַר חתונות, ווער וועגן אַן אייגענער רעדאַקציע. און עס איז איינער שוין אַפילו געהאַט אַרויסגעקומען מיט אַ מיינונג, אַז מען זאָל דאָרט מאַכן אַן אייגענע טערקישע באָד. די בענק אין נ. אַמעריקע, האָט ער געזאָגט, האָבן אויך געהאַט אייגענע שוויצבאָדן, כאָטש מען שוויצט זיך היינט אָן גענוג, ביז מען קריגט מיט שווערער מי א קרעדיט.

בקיצור: מען האָט געטראַכט זיבן טעג און זיבן נעכט און מען האָט אויסגעטראַכט צו מאַכן אַן אָפּטיילונג פאַר שיפסקאַרטן. מען האָט דאָרט אַנידערגעזעצט אַ יידן און אים געגעבן אַ מאַפּע פון אלע ימים, אַפילו פון דעם ים כנרת, וואָס פאַרנעמט עטלעכע קילאָמעטער און מען האָט אים געגעבן פאָטאָגראַפיעס פון אַלע שיפן, וואָס קומען אַריין אין די אַרגענטינער פּאָרטן, און זיין עקסעלענץ דאָן כאַימע דער ערשטער, דער פּרעזידענט סעניאָר בעטשער הייסט עס, האָט אים געגעבן אַ באַפעל צו פאַרקויפן שיפסקאַרטן פאַר די כל קצווי תבל. און אויב אַ שיף גייט ניט דירעקט אַהין, וווהין דער פּאַסאַזשיר דאַרף פאָרן, מאַכט אויך ניט אויס, מען גיט אים אַ „פּאַסאַכע" מיט אַ „פּערעסיאַדקע". עס האָט זיך שוין געמאַכט, אַז איינער אַ ייד, אַ גרויסער אָנהענגער פון באַנקאָ קאָמערסיאַל, האָט געמוזט פאָרן קיין שיקאַגאָ צו זיינעם אַ פעטער דורך טשיווילקאָי. פאַרשטייט זיך, אַז צום פּרייז רעכנט מען צו די הוצאות פון די טעלעגראַמעס. מען דאַרף דאָך צו וויסן טאָן דער צווייטער שיפסגעזעלשאַפט, אַז דער און דער פאַרשוין, פּאַסאַזשיר הייסט עס, דאַרף אָנקומען מיט איין שיף און זיך אויפזעצן מיט אַ צווייטער.

נו, האָט עס אונדז געדאַרפט טרעפן. מען האָט אונדז אויסגעשטעלט די שיפסקאַרטן כדת משה וישראל, ס'הייסט „פאַר אינטערמעדיע דעל באַנקאָ קאָמערסיאַל". איך האָב געקוקט און איך האָב פּשוט אָנגעקוואָלן. איך בין דאָך אויך אַ שטיקל אַקציאָנער אין דער באַנק. און דער מאַרשרוט איז געווען פאַרשריבן שוואַרץ אויף ווייס אָט אַזוי אַ ווי איר זעט:

Furman Aizik
Mirsky Isaac
Andata, "Augustus", 6 de agosto
Arribata a Genova, 22 de agosto
Venecia - Haifa - Abbazia, 25 de agosto
Ritorno: Haifa - Genova - "Irimari", 17 de octubre
Genova - Bs. Aires, "Jiulio Cezare", '28 de octubre

און נאָך די אַלע שאַר ירקות, וואָס מען האָט צוגערעכנט, וואָס ווי פורמאַן האָט מיך איבערצייגט גייען זיי אויף די אינסטיטוציעס, איז געווען צוגעשריבן גאַנץ קלאָר און ברהל בתך ווי אין פסוק שטייט:

Spece telegrafiche $ 80.—

„הוצאות הדעפּשים אַכציק פּעזעס".

וואָלט דאָך אַלץ געווען גוט, איז אָבער די צרה, וואָס דער שיפס־ייד פון „באַנקאָ קאָמערסיאַל" האָט קיינמאָל ניט געגעסן די ריכטי־קע לאָקשן און האָט קיין איטאַליענישע געליבטע אויך ניט געהאַט און ער קען אַזויפיל איטאַליעניש, וויפל אונדזער אָבעליסק קען העב־רעאיש און זיין טעלעגראַמע איז קיין איטאַליע נ י ט אָנגעקומען. וווהין זי איז יאָ אָנגעקומען, ווייס איך ניט, איך ווייס נאָר וווהין זי איז ניט אָנגעקומען.

און איך האָב זיך דערמאָנט אַ מאָדנע זאַך: ווען מיר זיינען אַרויפגעקומען אויף דער שיף און מען האָט אונדז אַריינגעפירט אין אונדזער קאַבינע, האָט זי מיר אויסגעוויזן צו זיין אַביסל צו קליין. און איך האָב געזאָגט מיין לאַנדסמאַן, אַז ווערליק פאַר אַ קאַרטע, וואָס אַ באַנק האָט געקויפט פאַר אירן אַ דירעקטאָר, וואָלט מען גע־מעגט געבן אַ גרעסערע קאַבינע. האָט פורמאַן, וואָס רעדט בכלל ניט קיין סך, געגעבן אַ שמייכל און מיר געזאָגט:

עס איז נאָך גוט, וואָס מיר פאָרן קיין ישראל...

דעמאָלט האָב איך ניט פאַרשטאַנען, וואָס ער האָט געמיינט, אָבער ווען מיר זיינען אָנגעקומען קיין איטאַליע און דאָרט איז ניט געווען קיין טעלעגראַמע און קיין פּלאַץ און קיין בוידעם און קיין לאָקשן... ניין, לאָקשן, זיינען יאָ געווען, אָבער פלעצער זיינען ניט

געוועז... דעמאָלט ערשט האָב איך פאַרשטאַנען, וואָס פורמאַן האָט געמיינט. ער האָט געמיינט צו זאָגן, אַז דער מומחה פון דער נאָוועגאַציע פון „באַנקאָ קאָמערסיאַל" קען אַמאָל פאַרשיקן מענטשן, וואָס פאָרן קיין ישראל, קיין כינע, אָדער קיין יאַפּאַן.



דער אייגענער בנין פון „באַנקאָ קאָמערסיאַל".

פונדעסטוועגן קען איך אייך ניט גאַראַנטירן, אַז מיר האָבן ניט געקראָגן קיין פּלעצער צום פאָרן ווייטער ביים אָנקומען קיין איטאַליע, טאַקע נאָר דערפאַר, ווייל דער פּלאַט מיניסטער פון „באַנקאָ קאָמערסיאַל" האָט געמאַכט אַ טעות. עס קען זיין, אַז קיין פּלעצער וואָלטן מיר סיי ווי ניט געקראָגן, ווייל מען פאָרט זייער אַ סך קיין מדינת ישראל און מען דאַרף זיך שטעלן אין דער ריי צו קריגן אַ שטיקל פּלאַץ אויף אַ שיף, וואָס פאָרט קיין חיפה. און די גאַנצע מעשה האָב איך אייך דערציילט, ווייל וואָס טוט נישט אַ שרייבער אַ הומאָריסט — אויב מיר וועט זיין באַשערט צו ווערן אַ שרייבער, וועל איך אם ירצה השם לאַכנדיק מאַכן אַ האַלבע וועלט — צוליב אַ שפּאַס.

און אויב איך האָב שוין אַ שמייכל געטאָן וועגן באַנקאָ קאָמערסיאַל, דריק איך שוין אין איין וועג אויס מיין אָנערקענונג צו איר. זי איז באמת אַ פאָלקסטימלעכע יידישע באַנק. זי האָט געהאַט קאַרלאָס טשערווין אַלס פּרעזידענט. און קאַרלאָס טשערווין דאַרפט איר

וויסן, איז דער אַרגענטינישסטער און דער יידישסטער צווישן אונד־זערע כלל טוער. ער רעדט שפּאַניש ווי אַ קריאָזשאָ און יידיש ווי אַ ייד און אין זיין ברייטן האַרצן איז דאָ פּלאַץ פאַר די בעסטע געפילן צו אַרגענטינישקייט און צו יידישקייט. און דערצו איז ער דער ריכ־טיקער קאַוואַליר. און דער איצטיקער פּרעזידענט פון דער באַנק, חיים בעטשער, איז אַ יידישער כלל־טוער מיט סטאַזש, אַ דערצוי־גענער און אַ צוגעגרייטער. און דאָס דאָזיקע, וואָס די דאָזיקע באַנק האָט מערער מיט אַ שטאָק, מאַכט נישט אוים! בעסער מיט אַ קאָפּ מערער, איידער מיט אַ קאָפּ וויי־ניקער!

איך וואָלט געווען אַ ליגנער, ווען איך וואָלט אייך געזאָגט, אַז מיר האָבן זיך געפילט גוט, ווען מען האָט אונדז געמאָלדן, אַז מיר האָבן קיין פּלעצער ניט. און איך האָב באַשלאָסן פון אָט דער רייזע צו שרייבן נאָר דעם אמת. צוריק מיט מער ווי אַ האַלבן יאָרהונדערט איז דער שעפער פון גייסטיקן ציוניזם, אחד העם, גע־ווען אין ארץ ישראל און ווען ער איז צוריקגעקומען פון דאָרט, האָט ער אָנגעשריבן אַן ארטיקל, וואָס איז באַרימט ביז היינט און וואָס הייסט „אמת מארץ ישראל". און איך, אייזיק מירסקי פון פּינסק און בוענאָס איירעס, האָב די חוצפּה צו שרייבן דעם אמת וועגן מדינת ישראל. איר דאַרפט פאַרשטיין אונדזער האַרץ. מיר זיינען אָפּגעפאָרן מיט דער ערשטער שיף 16 טעג און מיר זיינען געווען שוין נענטער ווי ווייטער. די הערצער האָבן אונדז וואָס אַמאָל שטאַרקער גע־קלאַפּט. און די הערצער האָבן דאָך געקלאַפּט ניט נאָר ביי אונדז. איך האָב דאָך עפּעס ברידער און שוועסטער און פּלימעניקעס און פּלימע־ניצעס אין ארץ־ישראל, און קרובים, וואָס באַטרעפן אַרום און אַרום 62 נפשות... מיט אַכט וויניקער ווי די צאָל נפשות מיט וועלכע יעקב איז אַוועק קיין מצריים... און ביי זיי אַלע קלאַפּן דאָך אויך די הערצער. זיי האָבן מיך דאָך שוין ניט געזען מער ווי אַ פערטל יאָר־הונדערט און אייניקע האָבן מיך נאָך קיינמאָל ניט געזען. און זיי וויסן אַלע, אַז איך דאַרף אַרויספאָרן דעם 25טן און אָנקומען דעם 31טן. און דאָ האָבן מיר נאָך ניט מיט וואָס צו פאָרן. מה נאמר ומה נדבר? אַ קאַלטער שווייס איז פון אונדז אַלע אַרויס. איך האָב אויס־גענוצט דאָס גאַנצע איטאַליעניש, וואָס איך האָב אויסגעלערנט ביי מיין באַקאַנטן „ווערדולעראָ". האָט אַן אָנגעשטעלטער פון דער שיפס געזעלשאַפט „אַדריאַטיקאָ", מיט וועלכער באַנקאָ קאָמערסיאַל האָט אונדז געדאַרפט פאַרבונדן טעלעגראַפיש, צו אונדז גענומען ריידן אויף דייטש און ער האָט אונדז געזאָגט בזה הלשון.

„רבותי הערען פורמאַן אונד מירסקי, פיר זי האבע איך קיינע פּלעצער אויף דער „אבאַציאַ", דאָ איך קיין בעשטעלונג בעקאָמען העטען זאָל... ווערדען זי מוסען פאַרען, דען פירטן סעפּטעמבער מיט דער „גרימארי", וועלכע אַאו איינע זעהר גוט שיף איזט...

אונד וואָס נאָך איך פיר זי מאַכען קענען וואָל, איזט: רעקאָמענדירען איין זייער גוטעס האָטעל אָנע וואַנצן און מיט פיינער בעדינונג: און זי ווערדען וואַרטען אוף דער שיפע, ווי יענער כאַוכאָם אוף דען זוע־טער, היער... איטאַליע איזט דאָך זעהר שיין".

אין דער מגילה ווערט דערציילט, אַז המן איז אַהיים געקומען אָבל וחפוי ראש. טרויעריק און פאַרדעקט דעם קאָפּ. מיט וואָס דער קאָפּ איז אים געווען פאַרדעקט, געדענקט איר מן הסתם. אונדזערע קעפּ זיינען ברוך השם געווען ניט אַזוי פאַרדעקט, אָבער אָבל וחפוי ראש זיינען מיר אָנגעקומען אין דעם האָטעל, וואָס האָט גראָד גע־הייסן עקוואַדאָרע און וואָס האָט זיך זייער שטאַרק געגראַמט מיט דעם געשמאַקן יידישן וואָרט „צרה", לויט דער ליטווישער הברה.

איך האָב אויסגעמיטן צו קוקן מיין פריינד פורמאַן אין די אויגן. זעכצן טעג זיינען מיר געפאָרן אויף דער שיף, האָט ער מיר זעכצן טעג דורכאַנאַנד דערציילט וועגן דער קאָרעקטקייט און גרויסקייט פון דער באַנקאָ קאָמערסיאַל און וועגן איר דירעקטאָריום און וועגן זייערע פינאַנציעלע פעיקייט. ער האָט מיר געשילדערט ווי גרויס עס איז דער איצטיקער פּרעזידענט בעטשער און ווי גרויס עס איז גע־ווען דער פריערדיקער פּרעזידענט טשערווין און ווי גרויס די אַנדערע דירעקטאָרן זיינען, די סעניאָרעס צוקער, שניידער, און נאָך און נאָך. זיי זיינען אַ כבוד פאַר דער גאַנצער בראַנזשע און ווען זיי וואָלטן געווען באַנקירן מבטן ומלידה, ווען זיי וואָלטן געווען אַרויסקומען פון די ראָטשילדס אַליין, וואָלטן זיי ניט געקענט זיין קיין גרעסערע באַנ־קירן. און אַז אַ וואָרט איז ביי זיי אַ וואָרט, איז דאָך אָפּגערעדט. אַ הייליקייט ממש. און דאָ איז געקומען אַזאַ בראָך... אָבער ס'איז גע־ווען אין להשיב, מאַכט רש"י פון בית־עולם קומט מען ניט צוריק. אַפילו ווען מען ליגט ניט צווישן די קבצנים אין טאַבלאַדאַ, נאָר צווישן די גרויסע גבירים אין ליניערס, קומט מען אויך ניט צוריק.

און צו אַלע גליקן זיינען אונדזערע אַלע זאַכן געבליבן אין צאָל־אַמט, אין דער אַדואַנאַ הייסט עס. איך מוז אייך אָבער זאָגן, אַז פורמאַן איז אַ גרויסער בריה. מען דערציילט אַז מען האָט הללן ניט געקענט אַרויסברענגען פון דער „טערפּעניע" (געדולד) פאַר קיין שום געלט. פורמאַנען וועט אויך קיינער ניט אַרויסברענגען פון דער טער־פּעניע. איך האָב גערעדט על ה' ועל משיחו און איך האָב אויסגעזען מוראדיק טראַגיש, איך האָב אויסגעזען ווי מאָרים שוואַרץ, ווען ער

פילם, אַז אַ פּרעמיערע איז ביי אים דורכגעפֿאַלן און פֿורמאַן, גלייך ניט אים מיינט מען. ער האָט זיך געשטעלט וואַשן שקאַרפּעטקעס און ער האָט זיך אונטערגעזונגען די התקווה... עוד לא אבדה האָט ער געזונגען.

און פֿאַרלוירן האָבן מיר טאַקע גאָרניט. אויף די זיבן טעג, וואָס מיר זיינען געווען אין איטאַליע, האָבן מיר ניט קיין חרטה. אַ קליי־ניקייט איטאַליע. איינס פֿון די שענסטע לענדער אין דער וועלט. אַזוי־פֿיל פֿאָעטן האָבן באַזונגען איטאַליע. זיי האָבן באַזונגען די בערג, די ברעגעס, די ימים, די טייכן, די אָזיערעס, די אינדזלען, די ראַוויאָ־לעס, די מאַקאַראָנעס, די מיידלעך מיט די גרויסע אויגן, ווי מאַסלי־נעס. אַ שיין לאַנד איטאַליע! אַז איר וועט עס וועלן גוט קענען, וועט איר דאַרפֿן לייענען זלמן שניאורן. איך קען דאָס נישט באַשרייבן, ווייל איך האָב דאָס נישט געזען געענוג. מיר האָבן די גאַנצע זיבן טעג, וואָס מיר האָבן דאָרט פֿאַרבראַכט, פֿאַרלוירן אויף פֿאָרן אַהין און צוריק אין דער שיפֿס־געזעלשאַפֿט. די איינציקע טרייסט מיינע איז, וואָס די אַלע יידן, וועלכע וועלן קומען נאָך אונדז, ביים פֿאָרן קיין ישראל, וועלן טרעפֿן אַן אויסגעטראָטענעם וועג.

מיר האָבן אין גענאָוואַ דאָך נישט נאָר אויסגעטראָטן אַ וועג פאַר די דאָזיקע, וואָס וועלן קומען נאָך אונדז, נאָר מיר האָבן אויך זיך אַרומגעקוקט און אַפילו געהאַט אַ שטיקל אַוואַנטיורע אויך. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מיר וועלן אפשר פאָרן מיט דער ישראל־שיף „נגבה" און פורמאַן האָט מיר דערוויזן, אַז די כלומרשטע רעה פון דער „באַנקאַ קאָמערסיאַל" איז גאָר געווען אַ טובה. מיר וועלן פאָרן מיט אַ יידישער שיף, דאָס אַליין איז דאָך ווערט אַ מאַיאָנטעק און ס'איז אַ גרויסע זכיה. איך זאָג אייך, אַז מיין לאַנדסמאַן וואָלט גע־דאַרפט הייסן נישט אייזיק, נאָר נחום. דער פּאַסיקסטער נאָמען פאַר אים וואָלט געווען נחום איש גם זו. אויף אַלצדינג זאָגט ער — גם זו לטובה.

אין די זיבן טעג, וואָס מיר זיינען געווען אין גענאָוואַ, האָבן מיר זיך צוגעלערנט איטאַליעניש און ווען מיר וואָלטן דאָרט געווען זיבן מאָל אַזויפיל, וואָלטן מיר געוואָרן גאַנצע לאָקשן. און דעמאָלט, ווען מיר' האָבן נישט געדאַרפט גייען אין דער שיפסגעזעלשאַפט, זיינען מיר' געגאַנגען שפּאַצירן. די שטאָט איז אַ פיינע און די מענטשן זיינען זייער העפלעך. מיר פאַרגעסן אַ רגע נישט, אַז זיי האָבן געשלאָסן אַ בונד מיט היטלערן, אָבער — מיר ווייסן, אַז ביי די מענטשן האָט מען אייגנטלעך נישט געפרעגט. און פאַרדינט האָבן זיי דערביי גאַנץ ווייניק. די חורבות פון דער שטאָט, וואָס זייער צאָל איז גאָרנישט קליין, ווייזט, וואָס זיי האָבן איבערגעלעבט. און די אָרעמקייט ווייקט ז'אָרט ממש.

מיר האָבן געטראָפן אויך אַ טעמפּל אין גענאָוואַ. אַלץ הייסט אַ טעמפּל! שענער ווי אונדזערע צוויי טעמפּלען אין בוענאָס איירעס, פון פּאַסאָ און ליבערטאַד. אינעווייניק איז אַלץ די אַרבעט פון אַ קינסטלער, אָבער קיין יידן זיינען דאָרט נישטאָ. אַרום און אַרום זיינען דאָרט געבליבן זיבן און צוואַנציק מישפּחות און פרעגט זיי בחרם, וואָס יידישקייט מיינט און מיט וואָס זיי זיינען יידן. ווען מיר זיינען אַריינגעגאַנגען אינעווייניק אין שיל, האָבן מיר דאָרט געטראָפן דריט־האַלבן יידן. ביים אַריינגאַנג האָט מען אונדז געגעבן יאַרמעלקעס און דער שמש האָט אונדז אין העברעיש מער, אָדער ווייניקער, דער־

קלערט, אַז מיר זיינען אין אַ מקום קדוש און אַז זיי דאַוונען בציבור אַלע... זונטיק. ניין, איך מאַך נישט קיין טעות, נישט שבת, נאָר זונטיק. אויף די ווענט זיינען אויסגעקריצט מיט גאָלדענע אותיות פּסוקים פון תהילים. גאָר אַנדערש ווי אין קלויסטער פון באַרצעלאָנא להבדיל, וווּ עס איז אויסגעקריצט אויף די ווענט דער „לא תגנוב"... יאָ, די יידן פון גענאָוואַ האָבן אַ מיקווה אויך. אַפּנים, אַז זיי ווילן דערווייזן, אַז מ'קען האָבן אי אַ טעמפּל, אי אַ מיקווה און זיין יידן וויניקער ווי אויף דעם שפּיץ מעסער.

די באַלעבאַטים פון האָטעל זיינען אויך געווען ווילע מענטשן. זי וואָלט געווען נאָך ווילער פון אים, אָבער זי האָט מורא פאַר אים, ווייל זי איז יינגער פון אים מיט אַ יאָר זעקס און צוואַנציק. מען זעט באַלד, אַז דאָס איז אַ נאָך-מילחמה חתונה. זי האָט חתונה געהאַט פאַר נויט.

מיר האָבן געהאַט אַ שטיקל אַוואַנטיורע אויך אין גענאָוואַ. אין זעלביקן האָטעל, וווּ מיר זיינען געווען, איז איינגעשטאַנען אַ שיינע בראַזיליענערין, וואָס איז דאָרט געווען איניינעם מיט איר מוטער און געוואַרט אויף אַ שיף. אויב איר טרעפט פרעמדע מענטשן אין גענאָ-וואַ, זאָלט איר וויסן, אַז זיי וואַרטן דאָרט אויף אַ שיף. מיר האָבן געמאַכט אַ שפּאַציר מיט דער שיינער בראַזיליענערין און גערעדט מיט איר וועגן וואָס איר ווילט. מיר האָבן גערעדט וועגן טויט און לעבן, ליטעראַטור און קונסט און אַפילו וועגן ליבע אויך, אָבער נאָר גע-רעדט. אונדזערע בראַזיליענער יידישע שיפסברידער האָבן געקוקט אויף אונדז מן הצד און ווער ווייסט, וואָס זיי האָבן געטראַכט און גע-מיינט. אָבער איין גאָט ווייסט, אַז זיי זיינען חושד געווען בכשרים מיר האָבן גערעדט און דאָס איז עס געווען. איך האָב גערעדט וועגן מיין פאַך, וועגן רעליעפע בילדער, פורמאַן האָט גערעדט וועגן זיין פאַך, וועגן קאַראַקולנע מאַנטלען. איך מוז מודה זיין, אַז די מאַנטלען האָבן זי מער אינטערעסירט ווי די בילדער, אָבער די אוואַנ-טיורע איז געווען אַ ראָמאַנטיש-פּלאַטאָנישע. דער רבונו של עולם זאָל נישט שטראָפן די דאָזיקע, וועלכע האָבן חושד געווען בכשרים. מיר האָבן איינגעקויפט מתנות פאַר ישראל, איבערהויפּט האָבן מיר איינגעקויפט קראַוואַטן פאַר חברים, ווייל דאָס אמתע זיידנס געפינט זיך דאָך אין איטאַליע. מיר זיינען אויך געווען צוויי מאָל אין קינאָ און איין מאָל אין אַ רעוויו-טעאַטער. און די איבעריקע צייט האָבן מיר פאַרלוירן אין דער שיפסגעזעלשאַפט, וווּ מיר האָבן געקלאַפּט אין

טיש אַריין, אַז מען זאָל אונדז שיקן מיט דער יידישער שיף. און מיר האָבן געפּועלט.

איך וועל שוין נישט באַשרייבן די נייע צרות, וואָס מיר האָבן געהאַט ביים אַרויפזועצן זיך אויף דער שיף מיט אונדזערע דרייצן טשעמאָדאַנעס און פיר קאַסטענעס, וואָס מיר האָבן געדאַרפט אויפ־לאָדן. ליידער זיינען אונדזערע פאָטאָגראַפישע אַפּאַראַטן געווען פאַר־פּאַקט, אַניט וואָלט פורמאַן מיך געווען פאָטאָגראַפירט, ווי איך שטופּ אַ טאַטשקע מיט זאַכן און איך אים. מיר האָבן חלילה ניט געזשאַלע־וועט קיין טרעגער, אדרבא, מיר האָבן זיי געצאָלט און געצאָלט, אָבער עס איז דאָרט איינגעשטעלט, אַז אי מען דאַרף צאָלן, אי מען דאַרף אַליין שטופּן דאָס וועגעלע. איך האָב זיך דערמאָנט מיין טאַ־טנס אַ וויץ וועגן דעם חשבון, וואָס מען פלעג צושטעלן פאַר דעם פירן אויף דעם ספּלאַוו:

לערלים שבאו וברחו,
לערלים שלא באו וברחו,
לערלים שלא באו ולא ברחו . . .

(מען האָט געצאָלט די ערלים, וואָס זיינען געקומען און אַנטלאָפן, צו די דאָזיקע, וואָס זיינען נישט געקומען און אַנטלאָפן און צו די דאָזיקע וואָס זיינען נישט געקומען און נישט אַנטלאָפן.)

מיר האָבן באַצאָלט אין גענאַווע, דאַכט מיר, אַפילו פאַר די קאַסטענעס, וועלכע מען האָט אויפגעלאָדן אין בוענאָס איירעס.

אָבער ברוך השם, מיר פאָרן שוין. מיר זיצן אויף אַ יידישער שיף און מיר פאָרן אין יידישן לאַנד אַריין. שטעלט איר אייך פאָר אונד־זערע איבערלעבונגען? אונדז קומען אויף דעם זינען שורות, וואָס יהודה הלווי האָט אָנגעשריבן צוריק מיט באַלד אַכט הונדערט יאָר:

כ׳האָב פאַרגעסן אַלע ליבסטע,
כ׳האָב פאַרלאָזט מיין אייגן הויז,
כ׳האָב דעם ים זיך אָפּגעגעבן,
טראָג מיך, ים, צו מוטערס שויס.

מיר הערט זיך ניט אויף דאַכטן, אַז דאָס איז נישט געווען קיין וואָר, נאָר אַ חלום. עס איז עפּעס געווען צו שיין פאַר דער ווירקלעכ-קייט. און אויב דאָס איז געווען וואָר, איז שומו שמים, הערט און שטוינט, הימלען, הערט זיך צו, יידן! איר מעגט דאָס אַלע וויסן און געדענקען!

עס איז געווען פּריימיק צו נאַכטס. מיר האָבן זיך געזעצט עסן וועטשערע. איז דער משגיח פון דער שיף, ר׳ אריה פּעסעלאָוו, צוגע-קומען און דערלאַנגט מיין שכן אַ בעכער און אים מכבד געווען צו מאַכן קידוש. מיין שכן הייסט ר׳ ישראל וויינגאַרטן, ער איז אַ זון פון ליבעשייער רבין, הצדיק הגאון, וועלכן איך האָב גוט געקענט. צוקו-קנדיק דאָס, האָב איך זיך שיר-נישט צעוויינט. ווען ר׳ ישראל האָט זיך אויפגעשטעלט, האָבן מיר זיך אַלע אויפגעשטעלט ווי איין מענטש. בשעת מעשה האָב איך ניט געוווסט אויף וועמען פריער צו קוקן — אויף די שיינע בחורות, וואָס איך האָב זיי נאָך נישט געהאַט קיין צייט צו באַטראַכטן, צי אויף די צוויי גלחים, וואָס זיינען אויך געזעסן ביים טיש און וועלכע האָבן זיך אויפגעהויבן אינאיינעם מיט אַלע. זיי האָבן נעבעך נישט געקענט שרייען „זשידזשי דאָ פּאַלעס-טיני", ווייל מיר פאָרן דאָך אַהין. און ניט קיין פּאַלעסטינע, נאָר קיין מדינת ישראל. מער פון אַלץ האָב איך געקוקט אויף דעם בעל-הקידוש.

אַ וועטשערע האָט מען געפּראַוועט ווי עס פּאַסט פאַר אַ פּריימיק צו נאַכטס אויף אַ יידישער שיף, וואָס פאָרט קיין מדינת ישראל. אפילו זויערע אוגערקעס האָבן נישט געפעלט. די שטימונג איז געווען אַ גאָר דערהויבענע. און אַז איך האָב דערפילט, אַז איך געפין זיך צווישן די אמתדיקע יידן, האָב איך נישט געפּראַוועט קיין סך שהיות און בין אַרויס מיט מיין רעפּערטואַר. איך האָב געשאָטן מיט פּסוקים און מאַמרים און מיט ווערטער פון גאונים. און אַ ניגון האָב איך אויך דערלאַנגט. איך האָב זיי געוואָלט ווייזן, אַז כאָטש איך קום פון חוץ לאַרץ, בין איך חלילה נישט געוואָרן אויס ייד. ווי האָט געזאָגט דער זיידע יעקב — עם לבן גרתי ואת תרי״ג מיצוות שמרתי.

אין עטלעכע שעה האָב איך אויף דער שיף „נגבה" איבערגעלעבט מער עמאָציעס, ווי אין די אַריבער צוויי וואָכן אויף דער גרויסער שיף „אויגוסטוס". די סבֿרא׳ס, וואָס זיינען געפֿאָרן, זיינען מיר געוואָרן פּונקט אַזוי ליב, ווי די עלטערע יידן. איך האָב דערפילט, אַז מיר זיינען איין פֿאָלק.

איך האָב אַ גאַנצע נאַכט נישט צוגעמאַכט קיין אויג. איך בין געזעסן אויף דעם דעק, ביי דער סאַמע פֿאַרענטשע און געקוקט אין הימל אַריין, אין ים אַריין און איך האָב פֿאַרשטאַנען פֿאַרוואָס ר׳ יהודה הלווי האָט געזאָגט, אַז דער הימל איז איין ים, דעם ים איז אַ צווייטער און זיין האַרץ איז אַ דריטער ים. איך האָב טאַקע געבענקט נאָך ווייב און קינדער, מיך האָט טאַקע געצויגן צו מיינע ברידער און שוועסטער אין ישראל, אָבער די דאָזיקע בענקענישן זיינען געוואָרן מטושטש און איך האָב פֿאַר זיך געזען מער ווי אַלץ דאָס דאָזיקע, וואָס איך האָב נאָר וואָס איבערגעלעבט. אַ פֿרייטיק צו נאַכטס אויף אַ יידישער שיף אויף דעם וועג קיין ישראל מיט אַ פֿאַרייניקונג פֿון יונג און אַלט און אפילו מיט גלחים וואָס שטייען אויף פֿון די פּלעצער צו קידוש. אַ גאַנצע נאַכט בין איך אַזוי געזעסן. אויפֿגעהייבן האָב איך זיך, ווען די זון איז אויפֿגעגאַנגען. זי איז אייגנטלעך נית אויפֿגעגאַנגען, נאָר אַרויסגעגאַנגען. פֿון דעם ים איז זי אַרויסגעגאַנגען מיט איר גאָלדענער קרוין. זי איז געווען אַ ריינע און אַ שטאָלצע. זי האָט גענומען טרייבן די טונקעלע און קילע שאָטנס. און זי האָט דאַכט זיך נאָכגעזונגען דעם ניגון פֿון קידוש... איך האָב דאָס אַלץ געזען מיט מיינע אייגענע אויגן און מיר דאַכט זיך נאָך אַלץ, אַז דאָס איז געווען נישט אויף דער וואָר, נאָר אין חלום.

**שהחיינו וקימנו והגיענו לזמן הזה...**



די ישראל־שיף „נגבה"

די גרויסע לוקסוס שיף „אויגוסטוס" האָט טאַקע געפירט אַכט הונדערט פּאַסאַזשירן, אָבער די יידישע פּאַרשוינען זיינען דאָרט בטל געוואָרן בששים. אַנדערש איז מיט דער שיף „נגבה", וואָס פירט נאָר פינף הונדערט פּאַסאַזשירן, וואָס זיינען אָבער אַלע יידן. פינף זיינען דאָ נישט קיין יידן — די צוויי גלחים, צוויי מיסיאָנערן און אַ שיקסע. וועגן דער שיקסע איז אַ סברא, אַז די יידישע בחורים האָבן זי שוין לאַנג פאַריידישט. קומט אויס — פיר נישט־יידן אויף פינף מאות יידן. צום ערשטן מאָל זע איך גויים אין אַזאַ מינדערהייט.

די יידן זיינען אויף דער „נגבה" אַן אמתדיקער קיבוץ גליות. צוויי הונדערט אַכט און זעכציק זיינען פון מאַראָקע. מיט זיי איז אונדז זייער שווער זיך צונויפצולעבן. ווען ביי אונדז עסט מען, לויזט מען שוין זיך ביי זיי, איר זאָלט מיר מוחל זיין. זיי זעען אויס אַזוי אַנ־דערש ווי מיר, זיי זעען אויס אַזוי פרעמד, זיי זיינען היגיעניש אַנדערש און אַנדערש אין כאַראַקטער. און מען גיט אויף זיי דאָך אויס אַ סך געלט אויף צו פירן זיי אין אייגענעם לאַנד אַריין און ווער ווייסט וויפל עס וועט דאַרפן געדויערן ביז וואַנען מיר וועלן האָבן אַביסל נחת פון זיי און זיי וועלן ווערן שטיקלעך יידן און שטיקלעך מענטשן. דערפאַר אָבער האָבן מיר געהאַט נחת פון די ניין און פערציק סטו־דענטן און סטודענטקעס, וואָס די מיינסטע פון זיי זיינען סבראַ'ס. זיי קערן זיך אום פון פאַרשידענע לענדער און זיי זיינען קינדער — נאָר אויף אויסקושן זיי. אוודאי מיין איך קודם כל די מיידלעך, אָבער נישט נאָר זיי, ווען איך הער נישט ווי זיי ריידן העברעיש, וואָלט איך געמיינט, אַז זיי זיינען אַרגענטינער פונדיקעס. זיי זיינען אָפּגעברענט און שוואַרץ און זעען אויס ווי פון אייזן. ריידנדיק עברית, נוצן זיי דאָס וואָרט „אייזן", ווען זיי ווילן זאָגן אויף עמיצן, אַז ער איז זייער שטאַרק.

צוקוקנדיק זיך גוט צו אָט דער חברה, האָב איך פאַרשטאַנען ווי אַזוי ישראל האָט געקעמפט. אויף דעם פראָנט זיינען זיי אַלע געווען. ווער עס איז געווען אין דער הגנה, ווער אין אירגון, ווער ביי די שטערניסטן. עס אָטעמט פון אַלע מיט מוט, גבורה און זיכערקייט.

זיי האָבן אויסגעגלייכט די רוקנס און די פּסיכאָלאָגיע איז ביי זיי אויך געוואָרן אויס גלותדיק. מען זעט, אַז זיי זיינען און אַז זיי ווילן זיין יידן.

עס פאָרט אויף דער „נגבה" אויך אַ גרופּע פון פראַנצויזיש-יידישע סקויטן, דריי און דרייסיק זיינען זיי אין צאָל, יינגלעך און מיידלעך. זיי ריידן פראַנצויזיש, אָבער אַביסל העברעיש ריידן זיי אויך. מען זעט, אַז זיי זיינען אינטעליגענטע קינדער.

און עס פאָרן חוץ דעם הונדערט אַכציק פּאַסאַזשירן פון אַלערליי יידן, צווישן זיי דעם ליבעשייערם רבינס זון, מיר אַליין און די צוויי גלחים להבדיל. איך רעכן דעם ליבעשייערם זון צווישן אונדז אַלע, ווייל פון זיין טאַטן איז אים געבליבן נאָר די פאָטאָגראַפיע. ער אַליין איז שוין אַ היינטוועלטיקער מענטש און — אַזוי זאָגט ער — אַ גרויסער פאַבריקאַנט. ער פירט אַ גרויסן פאַרטפעל, אין וועלכן ער האַלט פאַבריקן און פאַבריקאַנטן, מיניסטאָרן, מאַשינען, גומענע רעדער און אַ קליין שטיוועלע. דאָס שטיוועלע איז אַ מוסטער און ער וויל דערפאַר אַ מיליאָן דאָלאַר. שוין צוויי טעג, אַז ער פירט אונטערהאַנדלונגען מיט פורמאַנען און איך ווייס נישט, וואָס פאַר אַ ראָליע אָט דער רביישער זון שפּילט — אַ דראַמאַטישע, אָדער קאָמישע.

די איבעריקע יידן קומען פון נ. אַמעריקע, קאַנאַדע, פראַנקרייך, בעלגיע, אַרגענטינע, בראַזיל, רומעניע, טשעכאָסלאָוואַקיע, עס פעלן אַפילו נישט קיין גאַליציאַנער. איר קענט דערפון מאַכן אַ חשבון וויפל שפּראַכן איך רייד. וואָרום איך פאַרזיכער אייך, אַז איך האָב זיך שוין צונויפגערעדט מיט אַלע. באַזונדער האָב איך זיך צונויפגערעדט מיט די צוויי באַטעמטע טעכטערלעך ראָזי שאָך און שושנה שינדעל. זיי ווייזן אַרום אַזויפיל חברשאַפט און ליבשאַפט, אַז דער קאָפּ פאַרדרייט זיך און אילוזיעס טאַנצן אַרום אין בלוט. עס פאָרט מיט אונדז אַ דאָקטערשע מיטן נאָמען אדעל גאַגער. זי קומט פון אַ קאָנגרעס אין לאָנדאָן. זי עסט מיט אונדז ביי איין טיש און זי לאַכט מער וויפל זי רעדט און עסט.

איך פיל פאַר נייטיק צו דערמאָנען חפציה קאָהען, וואָס איז אַן אָנגעשטעלטער אין דער אָרגאַניזאַציע פון די אָמניבוסן אין ישראל. אויף דער שיף האָט ער געקראָגן נאָך אַ פּאָסטן, ער איז געוואָרן מיין לייב-דאָקטער. איך האָב זיך שטאַרק פאַרקילט, האָט ער מיר אַריינגעטאָן אַזעלכע בשמים אין נאָז, וואָס דאָס איז, ווייס איך נישט. עס קען זיין, אַז ער אַליין ווייס אויך נישט, אָבער ער ווייסט, אַז איך בין מיט

לייב און לעבן פאַר ישראל, וועט ער דאָך מיר חלילה ניט וועלן טאָן קיין שלעכטס. ער איז אַ טייערער יאָט און ער ווייזט אַרויס אַ סך אי־בערגעגעבנקייט דעם לאַנד און ווען מען דיסקוטירט מיט אים וועגן די מנהיגים און מושלים, געפינט ער אויף יעדן אַ זכות. איך וואָלט געקענט שווערן, אַז ער איז מפאי׳ניק.

אַ שיין פּאָר פאָלק זיינען מיכל ברזילאַי און פרוי, וואָס קערן זיך אום קיין ישראל. ער איז הויך און שלאַנק ווי אַ צעדערבוים. צו וואָס אַזאַ בחור פירט דאָס ווייב מיט זיך פאַרשטיי איך ניט. די מיידלעך וואָלטן דאָך אים אויפגעגעסן, ווען ער איז אַליין וואָלטן „בנות צעדה עלי שור״. זיי קומען פון פראַנקרייך, ווו זיי זיינען געווען אַ לענגערע צייט און אָרגאַניזירט דעם חלוציזם. און זייט זיכער, אַז אין זיבעצן אַכצן יאָר אַרום וועלן זיי אם ירצה השם באַשענקען דאָס לאַנד מיט אַ סך חלוצים. מיט דער מאַנשאַפט שפּאַנען די מיידלעך אַרום. אָבער ער דאַרף זיין כאָטש אַן אָפיציר מיט איין בענדל. קענט איר אייך פאַר־שטעלן וויפל מיידלעך ס׳לויפן נאָך דעם קאַפּיטאַן, וואָס האָט גאַנצע 4 בענדלעך. דער עלטער איז נישט וויכטיק, דער עיקר זיינען די בענד־לעך. און וואָס מער בענדלעך, אַלץ מער מיידלעך. און דאָס איז דער־פאַר, ווייל זיי זיינען גרויסע פּאַטריאָטקעס.

מיט אונדז פאָרט אויך מיט אַן אָרטאָדאָקסישער ייד, אַן אגודה־ניק, מיטן נאָמען ר׳ יצחק, ער איז אַ נאָענטער פריינד פון זיין עקסע־לענץ, דעם מיניסטער ר׳ איטשע מאיר לעווין. ר׳ יצחק איז שוין אַן עלטערער ייד, ער וואוינט אין ירושלים און ער האָט דאָרט אַ סובסי־דיע פון דער רעגירונג. „איך פאַרשטיי ניט — זאָגט ער מיר — פאַר־וואָס איך קריג נאָר קוים צען פונט אַ חודש, ווי באַלד נ. אַמעריקע און אַרגענטינע שיקן אַהער אַזויפיל געלט.״ ער דערציילט מיר, אַז ער איז אַרויסגעפאָרן אַליין זיך מאַכן אַביסל געלט, ווייל ער קען זיך ניט דורכלעבן מיט די צען פונט. אין אויסלאַנד האָט ער קרובים און ער דערציילט מיר, אַז ער האָט ביי זיי גאָט זיי דאַנק געקראָגן עטלעכע דאָלער. ער האָט זיי דערוויייל געלאָזן אין שוועדן, ווייל ער וויל זיי ניט אויסבייטן אויף קיין פונטן. אַז ער וועט זיי האָבן נייטיק, וועט ער הייסן מען זאָל אים זיי איבערשיקן. הערנדיק פון מיר, אַז אין אַר־גענטינע זיינען פאַראַן אַזויפיל גוטע יידן, באַדויערט ער, וואָס ער האָט דאָס ניט געוווסט פריער, ער וואָלט זיך געוווען דורכגעפאָרן אויך קיין אַרגענטינע. הערנדיק ריידן אָט דעם יידן, האָב איך געקראָגן אַ גרויסן צער אויף בן גוריונען. מה דאָך, אַז מיר איז אָט דער ר׳ יצחק

דערעסן געוואָרן אין איין פרימאָרגן, ווי שווער דאַרף זיין שוין בן גוריונען צו האָבן צו טאָן מיט אים אַ גאַנץ לעבן!

און דער דאַזיקער קליענט שטייט אויף פאַרטאָג און ער טוט אָן אַ יאַרמעלקע און ער דאַוונט מיט דעם ערשטן מנין. מיר האָט זיך גע־דאַכט, אַז ער שפּילט טעאַטער פאַר דעם רבונו של עולם. ער האָט מיך געפרעגט למאַי איך דאַוון ניט, אויב איך קען אַזויפיל תורה, — האָב איך אים געענטפערט, אַז איך וויל ניט נאַרן דעם רבונו של עולם. מיינט איר, אַז ער איז ברוגז געוואָרן מיט מיר, האָט איר אַ טעות. ער האָט מיר געזאָגט, אַז אויב איך האַלט פון אַנדערע מיצוות, ווי צדקה, וועט מיר גאָט ברוך הוא מוחל זיין. און ער האָט מיר געגעבן אָנצוהערן, אַז דאָס גיבן צדקה דאַרף איך אָנהייבן פון אים. איך האָב געזען ווי ער לייגט אַריין די יראה אין די שמד־שטיק און ער איז מיר געוואָרן נאָך מער נמאס. און איך האָב פאַרשטאַנען משה רבנוס סטראַטעגיע פון אַרומפירן די יידן פערציק יאָר אין מידבר. אַזעלכע יידן ווי ר׳ יצחק דאַרף מען אַרומפירן מער ווי פערציק יאָר, בכדי זיי צו אויסמענטש־לען. אַריינפירן אין לאַנד דאַרף מען אַזעלכע סטודענטן און סקויטן, אָדער כאָטש אַזעלכע סוחרים ווי פורמאַן, וואָס ביי יעדער חשבון, וואָס מען ווייזט אים, זאָגט ער, אַז דאָס געלט וועט דאָך בלייבן ביי דער יידישער רעגירונג און אין יידישן לאַנד.

די פּאַסאַזשירן פון דער שיף „נגבה" מיט זייער פאַרשידנקייט האָבן מיר געוויזן, אַז אין לאַנד קומען אַריין אַלערליי עלעמענטן און אַז עס קומען אַריין גענוג אַזעלכע, וועלכע וואָלטן געדאַרפט בלאָנד־זשען אין מידבר, אָבער עס קומען אויך אַריין אַ סך אַזעלכע, וועלכע זיינען גרייט צו אַרבעטן בויען, קעמפן און זיגן!

אַ מאָדנע ווירקונג האָט אויף מיר געהאַט אַ מיידל, וואָס איך האָב כּסדר געזען אויף דער שיף. זי האָט מיך צוגעצויגן און עפּעס אויך געשראָקן. איך בין שוין ברוך השם נישט אין די יאָרן, ווען מען פאַר־ליבט זיך ביז משוגעת. און איך בין קיינמאָל נישט געווען קיין אי־בערגעשראָקענער. איך האָב באַוויזן צוצוקומען צו גענעראַלן, מינים־טאָרן און אַפילו פּרעזידענטן, ווען עס האָט זיך געהאַנדלט אין אַ יידישער זאַך. און דאָ האָב איך נישט קיין מוט צוגיין צו אַ מיידל און זי פרעגן ווער זי איז.

זי איז נישט קיין בילד שיינהייט. זי געהער נישט צו דעם מין פרוי, וואָס מען זאָגט וועגן איר, אַז זי איז סימפּאַטיש, אָדער באַ־טעמט. און זי ציט דאָך צו אויסערגעוויינלעך. זי האָט צוויי שוואַרצע אויגן, וואָס פאַרמאָגן אין דער זעלביקער צייט אי פרייד, אי טרויער. דאָס קעפּל איז ביי איר אַ קליינס און אַ שוואַרצס. זי איז שטענדיק שטיל און זי זעט אַפילו אויס נאַיוו. מען דערקענט אָבער, אַז זי האָט אַ סך איבערגעלעבט און דורכגעמאַכט און זי האָט אין זיך פאַרבאָרגן אַ סך סודות. קוקסט אויף איר און דו פרעגסט מיט די אויגן: ווער פאָרט ביסטו?

און איך האָב זיך באַשלאָסן. איך בין צו איר צוגעגאַנגען, אַזוי ווי איך גיי צו צו אַן אָנגעזעענעם פּאָליטישן מאַן און איך האָב צו איר גערעדט בזה הלשון:

— איך בין אַן אַרגענטינער זשורנאַליסט. איך שרייב אַ טאָג־בוך פון מיין רייזע און איך וויל וויסן ווער דו ביסט. איך דאַרף דיך קענען.

און די רעטעניש איז באַלד געלייזט געוואָרן. צוויי שוואַרצע אויגן האָבן מיך אָנגעקוקט, אַ קליין הענטל האָט זיך באַהעפט מיט מיין האַנט און אַ קליין מיילעכל האָט צו מיר גערעדט. זי האָט מיר געזאָגט:

— גאולה (געולאַ) כהן, עכשיו (איצטער) הנגבי (האַנעגבי)...

דאָס וואָס זי טראָגט דעם זעלביקן נאָמען וואָס די שיף, האָט מיך אויסערגעוויינלעך גערירט אָבער בעיקר האָט מיך גערירט איר פריער־דיקער נאָמען. ווער האָט נישט געהערט דעם נאָמען גאולה כהן? זי

איז אין דער עפּאָכע פון ערנסט בעווין עליו האַשטיוול געווען די ספּיקערן פון „לחי״ (לוחמי חרות ישראל — קעמפער פאַר דער פריי־הייט פון ישראל), ס׳הייסט פון די שטערניסטן. איך האָב אַזש אַ ציי־טער געטאָן, ווען איך האָב געהערט איר נאָמען. זי אָבער האָט אים אַרויסגעזאָגט מיט אַ שמייכל אויף דעם גאַנצן פּנים און איצטער איז זי געוואָרן אויך סימפּאַטיש. דער שמייכל האָט איר פּאַטעטישן נאָ־מען צוגעגעבן לייכטקייט.

און איך האָב איר געזאָגט:

— ישראל איז געוואָרן אַ מלוכה, קלייבט זיך צו האָבן אַ קאָנס־טיטוציע. ישראל דאַרף היינט אַ גוטע, געזונטע, געטרייע מאַסע. אפשר איז היינט נישט די צייט פאַר קיין זעלבסטשטענדיקע העלדן. אפשר איז דיין נאָמען פאַרגעסן געוואָרן אין איצטיקן מאָמענט. אָבער דיין נאָמען, וואָס האָט צוריק מיט פינף יאָר אַראָפּגעשיינט פון די צייטונגען אין די וועיטסטע לענדער, וועט אייביק פאַרבלייבן אַ בלעטל פון אונדזער געשיכטע. מיר ווייסן, אַז בעווין מיט זיינע מלאכי חבלה האָבן דיך געזוכט מיט אַלע כוחות. טויזנט פונט האָט מען גע־וואָלט גיבן פאַר דיין קליין, שוואַרץ קעפּל. געבענטשט זאָלסטו זיין פאַר דער מיסיע, וואָס דו האָסט דורכגעפירט, זוך נישט קיין שכר פאַר דיינע העלדישע מעשים, האָב נישט קיין פאַרדרוס דערפאַר, וואָס דיין נאָמען הייבט אָן פאַרגעסן ווערן. ער וועט קיינמאָל ניט פאַר־געסן ווערן אינגאַנצן. דו וועסט בלייבן אין דער געשיכטע פון אונד־זער קאַמף פאַר פרייהייט און פאַר דעם אייגענעם לאַנד — — —

די צוויי ווערטער „הקשיבו צוות" מיינען: הערט אויס, מאַנשאַפט! אייגנטלעך איז דאָס אַלציינס ווי „סמירנאָ" אויף רוסיש, „באַטשנאָסט" אויף פויליש און „אַטענסיאָן" אויף שפּאַניש. אויף ענגליש הייסט עס „אטענשאָן". מיר זיינען געוווינט צו אַזאַ מיליטערישן באַפעל אין אַלע שפּראַכן, אָבער נאָר נישט אויף העברעאיש. און איך מוז מודה זיין, אַז הערנדיק אויף אַ יידישער שיף אַ באַפעל פון אַ יידישן קאַפּיטאַן צו יידישע מאַטראָסן אויף העברעאיש, בין איך עמאָציאָנירט געוואָרן און יעדער ייד וואָלט מיסתמא דאָס געוואָרן, ווען ער וואָלט דאָס געהערט צום ערשטן מאָל.




די מאַנשאַפט מיט די „בענדלעך" פון דער ישראל־שיף „נגבה"

אָט ערשט נישט לאַנג, ווען איך בין געפאָרן אויף דער שיף „אויגוסטוס", האָט מיך איינער געפרעגט:

— ווי אַזוי זאָלן אויסזען די יידישע שיפן?

— וואָס פאַרשטייט איר נישט? — האָב איך אים געענטפערט

— וועז די שיף דאַרף רירן, זעצן זיך אַנידער פיר מאַטראָסן און זיי זאָגן אַ קאַפיטל תהילים, באַוועגן זיך די מאַטאָרן און זי גייט און אַז מען וויל זי אָפּשטעלן, זאָגן אַנדערע פיר מאַטראָסן אַן אַנדער קאַפיטל תהילים שטעלט זי זיך אָפּ...

איצטער קען איך אָפּגיבן אַ מער גרינטלעכן באַריכט. דער באַפעל „הערט אויס, מאַנשאַפט” איז געגעבן געוואָרן פון קאַפּיטאַן צו הונדערט פינף און צוואַנציק מאַטראָסן, אַלע יידן און אַלע אויסגעצויגענע ווי סטרונעס. זעכצן פון זיי זיינען אָפיצירן. קוקנדיק אויף זיי, האָב איך זיך געפרעגט: ווען האָבן זיי באַוויזן צו אויסלערנען די מלאכה, אַז אונדזער מלוכה איז ערשט אַנטוויינט געוואָרן?

און עס לוינט זיך אַ קוק טאָן אויף דעם קאַפּיטאַן. ער איז אַ מאַן אַ ריז. איר וועט דאָס דערקענען פון זיין בילד, וואָס איך גיב אייך דאָ אין דער נאָענט. און די זעכצן אָפיצירן זיינען אויך ניט קיין קטלאָ קניאָס. און די הונדערט ניין מאַטראָסן זיינען אויך נישט קיין שיפּע זיבעלעך. ווו זיינען די יידישע שרייבער און פּאָעטן, וואָס באַשרייבן און באַזינגען אַלץ מיט אַן אַנדער? פאַרוואָס זאָל מען אויף אייך זאָגן: „כרמי שלי לא נטרתי”? (מיין וויינגאָרטן האָב איך ניט געהיט) כאַפּט אַ קוק אויף אָט די יאַטן און זינגט!

הערצל האָט דאָס דאַזיקע געזען אין דער וויזיע. ביאַליק האָט דאָס אויך פאָרגעזען. און אַפילו אחד העם, וואָס האָט געזען בלויז גייסט, האָט אויך געזען און געאָנט פיזישע גבורה איניינעם מיט געזונטן גייסט. אָבער דעם אמת געזאָגט, דאַרף מען אויף דער „נגבה” נישט האָבן קיין דיכטער. יעדער ווערט דאָ אַ דיכטער, יעדן קומט דאָ געזאַנג אין האַלדז אַריין. דאָ דאַרף מען נישט אויסטראַכטן דעם ים, די לבנה און די שטערן, זיי זענען דאָ פאַראַן מיט זייער גאַנצער ווירקלעכקייט און זיי באַפּוצן דאָס גרויסע בילד.

דער קאַפּיטאַן, וואָס הייסט ע ד מ אָ נ ד  ז אַ ג י , איז אַן אונגאַרישער ייד, ער וווינט אין חיפה, אויף דעם הר הכרמל שוין אַכצן יאָר. ער שווימט איבער די ימים שוין פיר און פערציק יאָר און ער האָט שוין אַריינגעפירט קיין ישראל הונדערט טויזנט עולים. ער האָט געענדיקט אַ ים-אַקאַדעמיע אין פיומע. ער רופט אַרויס רעספּעקט שוין מיט זיין אויסזען. זיין קאַבינעט אימפּאָנירט. דער ים און די זון שיינען אַראָפּ פון זיין פנים. ער קען נישט קיין יידיש און וויניק עברית, אָבער ער איז אַ שטאָלצער ייד. זיינער אַ זון איז אויך אַ

מאַטראָסן־אָפיציר. ער זאָגט מיט שטאָלץ, אַז זיין זון איז דער בעס־
טער יידישער מאַטראָס.

דער כלכל הראשי, אָדער דער אַדמיניסטראַטאָר, ווי ער הייסט ביי
אונדז, קוקט אוים יינגער. ער איז אַן אָפיציר מיט צוויי בענדלעך.
אָבער לויט זיין פאַרדינסט אויף דער שיף און לויט זיין דערפאָלג ביי
פרויען, וואָלט מען אים געמעגט צוטשעפּען נאָך צוויי בענדלעך. ער



עדמונד זאַגי — קאַפּיטאַן פון דער שיף „נגבה"

איז אַ שיינער יאַט, ווי גאָלד. ער איז דער עלצטער אָנגעשטעלטער
ביי דער שיפס־געזעלשאַפט. ער אַרבעט אַכצן יאָר צוזאַמען מיט דעם
קאַפּיטאַן. ער איז ממונה איבער אַלץ און ער איז באַשעפטיקט און
ער אַרבעט יומם ולילה.

באַשרייבן די גאַנצע חברה און זייערע אייגנשאַפטן און פעי־
קייטן, וואָלט מען געדאַרפט מאַכן פאַפיר אַלע וועלדער און טינט
אַלע ימים. אין פיר יאָר האָט מדינת ישראל באַוויזן צו שאַפן אַ פלאָט
מיט עכטע ים־וועלף. מיר שיינט, אַז מען דאַרף אַלע יידן גיבן אַ באַ־
פעל, אַז זיי זאָלן זיך שטעלן אויף אַכטונג צום יידישן פלאָט! הקשיבו
צוות!

אייגנטלעך וואָלטן מיר שוין אין עטלעכע שעה אַרום געדאַרפט זיין אין חיפה, אָבער אויף שפּאַניש זאָגט מען: דאָרט, וווּ עס באַפעלט דער קאַפּיטאַן, באַפעלט ניט דער מאַטראָס. עס איז אָנגעקומען פלו־צעם אַ באַפעל צו בייטן דעם מאַרשרוט. אַלע בייזע חלומות צו אונד־זערע שונאימס קעפּ. מיר דאַרפן שוין זיין אין חיפה, איך דאַרף שוין זען מיינע ברידער און שוועסטער און פּלוצעם פאָרט מען ערגעץ אַנ־דערש. און דער קאַפּיטאַן איז דאָך אויך נישט שולדיק. ער האָט באַ־קומען אַ טעלעגראַפישן באַפעל פון דער פּרעפעקטור. מיר פאָרן פּלו־צעם קיין ציפּערן. צו וואָס פאָרן מיר פּלוצעם אַהין? זאָל דאָס זיין צוליב דער שיקסע? שלעפּט מען פינף הונדערט יידישע פּאַסאַזשירן צוליב איין שיקסע? צי אפשר וויל מען אונדז גלאַט ווייזן דאָס אינדזל, וווּ מען האָט געהאַלטן פאַרשפאַרט פערציק טויזנט יידן? אפשר וויל מען, אַז מיר זאָלן ניט פאַרגעסן אין דער טראַגעדיע פון „עקזאָדוס"? איך האָב נאָר הערנדיק דעם נאָמען ציפּערן, דערפילט די גרויסקייט פון יענער טראַגעדיע.

און איך בין אַפּנים געווען דער איינציקער, וואָס האָט אַזוי גע־טראַכט, וואָרום אַלע פּאַסאַזשירן זיינען געווען פריילעך און מוטיק און איך בין דער איינציקער אַרומגעגאַנגען וויסט און מרה שחורה־דיק. דער עולם איז באַזונדער געוואָרן פריילעך, ווייל מען האָט גע־גרייט אַן אָפּשיד אָוונט. די סטודענטן האָבן געגרייט אַ קינסטלערישן פּראָגראַם. די וועטשערע איז אויך געווען אַ יום טובדיקע. דער קאַ־פּיטאַן און די אָפיצירן און די גאַנצע מאַנשאַפט זיינען געקומען עסן אינאיינעם מיט די פּאַסאַזשירן.

אויסער דעם פּראָגראַם האָט געדאַרפט זיין אַ באַגריסונג און אויף מיין גורל איז געפאַלן צו באַגריסן דעם קאַפּיטאַן אין נאָמען פון אַלע פּאַסאַזשירן. אין פּריוואַטע שמועסן און אין ליבע־דערקלערונגען האָב איך געהאַט אַ גרויסן דערפאָלג, האָט מען געמיינט, אַז איך בין אַ גרויסער רעדנער. און אפשר איז דאָס טאַקע אמת אויך. האָט דאָך יענער גאַליציאַנער אויך נישט געוווּסט, צי ער קען שפּילן פּיאַנאָ, ביז ער האָט נישט געפּרוווט. איך זאָג אייך דעם אמת, איך הייב אָן צו גלייבן אין זיך. אַ מענטש קען לייכט ווערן איינגעבילדעט. וואָס איך

זאָב גערעדט, האָב איך דאַכט זיך, נישט געוווּסט, אָבער אַז איך האָב געענדיקט, האָט געדונערט מיט אַפּלויזן. אויף דער הייסער מינוט האָט מען מיך געבעטן, אַז איך זאָל אָנשרייבן, וואָס איך האָב געזאָגט, בכדי די נכבדי האָניה, די חשובע פּאַסאַזשירן, זאָלן אונטערשרייבן. ווייס איך איצטער ווי אַזוי איך האָב מיין רעדע פאַרענדיקט. איך האָב געזאָגט: „און פאַר דיר, קאַפּיטאַן, זאָלן ווינטן און שטורעמס קיינמאָל נישט זיין קיין שטרויכלונג און דו און די „נגבה״ זאָלט איר אין אַלע צייטן באַהערשן די וואַסערן״.

דער קאַפּיטאַן איז געווען באַגייסטערט און ער האָט מיך איינגעלאַדן צו זיך אויף אַ קאָקטייל איניינעם מיט דער מאַנשאַפט, וועלכע איך האָב פאָטאָגראַפירט. זיי האָבן געווים געקלערט, אַז זיי האָבן צו טאָן ווער ווייסט מיט וואָס פאַר אַ גרויסן שרייבער. ווארום נישט יעדער זשורנאַליסט האָט אַזאַ געלעגנהייט אַלבום פאַר אַ טאָגבוך. איך האָב זיי צוגעזאָגט צו שרייבן וועגן דער „נגבה״ און אירע סימפּאַטישע און העלדישע מאַטראָסן. און איך טו דאָס טאַקע, אָבער דעמאָלט האָב איך נישט געוווּסט, אַז מיין שרייבן וועט זען די שיין.

איך מוז דאָ דערציילן, אַז איך האָב אויף דער שיף געהאַט אַ גרויסן דערפאָלג מיט מיין טאָגבוך. איך האָב אַ סך קאַפּיטלען פאַרגעלייענט פאַר פריוואַטע פערזאָנען און פאַר גרופּקעס. איך האָב אויך געלייענט פאַר שיינע יונגע פרויען. און איך האָב „אונטערגעבלאָפט״, ווי מען זאָגט אין נ. אַמעריקע. איך האָב זיך געמאַכט, אַז איך לייען, אָבער איך האָב אַ סך צוגעלייגט, ווייל ריידן קען איך בעסער ווי שרייבן. איז דער נאָמען מיינער געוואַקסן און געוואַקסן. מען האָט אָנגעהויבן זאָגן, אַז איך בין אַ גרויסער זשורנאַליסט און זיי פאַרשטייען אַפילו נישט ווי אַזוי זיי האָבן ביז איצטער נישט געהערט מיין נאָמען. און איצטער, ווען דאָס אַרויסגעבן מיין בוך, איז שוין אַ ווירקלעכקייט. פיל איך אַ באַזונדער פאַרגעניגן אין דעם, וואָס עס דערשיינט מיין באַשרייבונג פון דער שיף „נגבה״ און איר וווּנדערלעכער מאַנשאַפט, וואָס באַהערשט דעם ים. דאָס יידישע לאַנד איז אַרומגערינגלט מיט ים און אין די אַלטע צייטן האָט מען מלוכה'ש פאַרנאַכלעסיקט דעם ים און זיך באַהאַלטן אין די בערג און אין די טאָלן. מיט אַזעלכע גיבורי און שומרי ישראל אויף דעם ים, וועט די יבשה זיין זיכערער.

און איינס אַזייגער ביינאַכט איז די שיף אונדזערע געבליבן שטייען דריי הונדערט מעטער פון דעם חיפה'ער ברעג. דורך די סיגנאַלן פון די רעפלעקטאָרן האָט מען צו וויסן געגעבן, אַז מיר בלייבן

דאָ שטיין ביז אין דער פרי. מיין גאַנצער הומאָר איז מיט אַמאָל פאַר־שוואונדן. אַנטקעגן מיר האָבן געשיינט די ליכטער פון דעם הר הכרמל. איך בין געווען זיכער, אַז ערגעץ דאָרטן זיצן מיינע צוויי ברידער און מיין שוועסטער און זיי וואַרטן אַזוי אומגעדולדיק אויף מיר, ווי איך אויף זיי. זייערע הערצער קאָרטשען זיך אַלציינס ווי מיין האַרץ און זיי גייט אוים דאָס חיות מיך שוין אַרומצונעמען, אָבער צווישן אונדז זיינען דריי הונדערט מעטער ים.

די זעקס שעה, וואָס מיר האָבן געוואַרט, ביז די שיף איז אַריינ־געגאַנגען, האָבן מיר אויסגעוויזן מער ווי זעקס יאָר. איך האָב גע־קראָגן היץ און עס האָט מיך געוואָרפן אין קעלט. אַ צאָן אין אַ צאָן האָט מיר געקלאַפּט. אַלץ האָט זיך מיר געדרייט פאַר מיינע אויגן און די אויגן אַליין אינאיינעם מיט דעם קאָפּ האָבן זיך אויך געדרייט. עפּעס האָט זיך מיך געדאַכט, אַז איך דאַרף זיך אַנידערשטעלן אויף די קני, אַזוי ווי מאַדאַם בעטערפליי אין דער אָפּערע מיט דעם זעלביקן נאָמען און זינגען אַ בענקשאַפט ליד. איך האָב אָנגעהויבן פאַרלירן דעם זיכרון... איך האָב זיך געפרעגט. קום איך אָן, צי פאָר איך אַוועק?

אַן אָפיציר איז צו מיר צוגעקומען און ער האָט מיר געזאָגט:

— מירסקי, זעסט? דאָס איז אונדזער לאַנד.

און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז ער דערמאָנט מיר אין חומש און ער זאָגט צו מיר די ווערטער, וואָס גאָט האָט געזאָגט צו משהן: „ראה תראה את הארץ ואליה לא תבוא” — וועסט זען דאָס לאַנד, אָבער אַריינקומען אין דעם, וועסטו נישט, איך האָב אים יאָ געהערט און נישט געהערט. איך האָב נישט געוווסט, וואָס מיט מיר טוט זיך. איך בין געווען נישט טויט און נישט לעבעדיק, און פּלוצעם האָב איך גע־הערט מיין נאָמען. דאָס איז געווען אַ באַפעל, וואָס איז געקומען פון דער פּאָליציי, אַז:

— דער פּאַסאַזשיר מירסקי זאָל אַראָפּגיין דער ערשטער...

לעבן דער שיף, אונטן, האָבן זיך געדרייט די שאָטנס פון מיינע צוויי ברידער.

הערט צו, איר ווידערשפעניקע, איך קען נישט ווערן קיין שותף מיט אייך. איך קען נישט ווערן קיין ווידערשפעניקער.

מיט אָט די ווערטער גלוסט זיך מיר אָנהייבן מיינע איינדרוקן פון לאַנד גופא. איך דערצייל אייך ניט, וואָס איך האָב איבערגעלעבט, ווען איך האָב אונטער מיינע פיס דערפילט די ארץ־ישראל־ערד. איך האָב אייך געזאָגט, אַז איך נעם זיך נישט אונטער צו באַשרייבן די אויסערגעוויינלעכע שיינקייט, וואָס מען זעט ביים אָנקומען אין דער הויפּטשטאָט פון בראַזיל, ריאָ דע זשאַניירא, ווייל מיר פעלט דערצו־שרייבערישער כוח, זאָג איך אייך, אַז נאָך ווייניקער פיל איך זיך בכוח צו באַשרייבן די געפילן מיינע, ווען איך האָב אַ שפּאַן געטאָן אויף דער ערד פון חיפה׳ר ברעג. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז איך הער ווי דער רבונו של עולם אַליין רעדט צו אברהם אָבינו און זאָגט אים צו דאָס לאנד. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז איך זע משה רבינו קוקן אויף דעם לאַנד פון וווייטן און איך זע יהושוען אַריינגיין און ירמיהו הנביא זע איך אַוועקגיין אין גלות אַריין... ניין, איך קען נישט דערציילן אַלץ, וואָס איך האָב געפילט.

וואָס זשע דען דערצייל איך אייך? די אַלגעמיינע איינדרוקן. דעם כישוף, וואָס איך האָב דערפילט ביים אָטעמען די לופט פון לאַנד. איך האָב אין ב. איירעס געגעבן אַ וואָרט מיינע פריינט, אַז איך וועל ברענגען אַן אמתדיקן גרוס פון ישראל. איך וועל אַלץ באַטראַכטן נישט ווי קיין מפּאַי׳ניק, נאָר ווי אַן אומפּאַרטייאישער ייד. איך וועל דערציילן וועגן שלעכטן אַלציינס ווי וועגן גוט, איך וועל ווייזן די שאָטנס אַלציינס ווי דאָס ליכט. אָבער — וואו איז דאָס שלעכטע? איך פאָר און פאָר און יעדער נייער שפּאַן באַקט זיך מיר אַריין אין האַרצן און ווערט מיר ליב און טייער.

מען הערט זיך קלאָגן, אָבער נישט אויף דעם לאַנד. קיינער זאָגט נישט, אַז דאָס לאַנד איז נישט גוט. מען קלאָגט זיך, ווייל יעדער איי־נער וואָלט געוואָלט רעגירן דאָס לאַנד. יעדן דאַכט זיך, אַז ער וואָלט דאָס געמאַכט בעסער. איז וואָס זשע זאָל מען טאָן, אַז אין יעדער שטאָט דאַרף מען נישט מער ווי איין ראש העיר (בירגערמייסטער, אינטענדענט), דאָס גאַנצע לאַנד האָט נישט מער ווי הונדערט צוואָנ־

ציק דעפּוטאַטן, פּופצן מיניסטאָרן און איין פּרעמיער און איין פּרע־זידענט? יידן זיינען געווינט צו האַנדלען און וואַנדלען אויף כשר און אפילו אַמאָל, נישט אויסגערעדט זאָל דאָס זיין, אויף טרייף. יידן זיינען געווינט צו זיצן אין קאָפּעען און איינאָרדענען נישט נאָר די לאַנד־פּאָליטיק, נאָר אויך די וועלט־פּאָליטיק. און ישראל איז אַ לאַנד פון סאַמע יידן. דער טרייפענער האַנדל מוז דאָ אונטערגיין. און דעם כשרן האַנדל דאַרף מען אויך אין אַ קלענערער מאָס. און וועגן דער פּאָליטיק גייט מען אויך נישט פרעגן ביי די קאָפע־זיצער ווי אַזוי צו האַנדלען. דערויף האָט מען געוואַרט צוויי טויזנט יאָר? נאָך דעם, וואָס מען האָט זיך אָפּגעמוטשעט אין גלות אַזוי לאַנג, זאָל די דעה גאָר האָבן יענער?

פלוצעם האָט איינער טענות, וואָס אין יידישן לאַנד דאַרף מען גאָר האָבן מכּס (צאָלאַמט. אין אַרגענטינע רופט מען דאָס אַדואַנאַ) אין יידישן לאַנד דאַרף מען עפענען טשעמאָדאַנעס און זוכן זייגער־לעך? מען האָט נישט קיין טענות למאַי עס געפינען זיך יידן, וואָס ווילן נאָך צוויי טויזנט יאָר גלות אָפּנאַרן די אייגענע רעגירונג און וואָס פרואוון אַריינשמוגלען זייגערלעך אפילו דורך תּפילין, נאָר מען האָט גאָר טענות למאַי מען זוכט, כאָטש — מען האָט שוין אַזויפיל מאָל געפונען.

און אונדזערע מכּס־אַגענטן האָבן דווקא אַ חוש הריח. זיי דער־שמעקן ביי וועמען מען דאַרף זוכן און ביי וועמען — נישט. און דער גרעניץ־אָפּצאָל איז גראָד אַ קליינער. ער איז אַ סך קלענער, ווי אין די מיינסטע לענדער. מיר אַליין האָבן געבראַכט עטלעכע און זעכציק פּעקלעך, האָט מען אונדז געהייסן באַצאָלן נישט מער ווי פיר און זיבעציק פונט. די פּעקלעך האָבן מיר געפירט צו קרובים פון אַרגענ־טינער יידן, האָט מען אונדז געזאָגט, אַז מיר קענען גאָרניט צאָלן אויך. מיר דאַרפן איבערלאָזן די פּעקלעך אין צאָלאַמט און זיי וועלן מעלדן די אַדרעסאַטן זיי זאָלן זיי קומען אָפּנעמען און דעמאָלט דאַרף מען אינגאַנצן ניט צאָלן. דערהערנדיק, אַז איך בין אַ ברודער פון נחמן תּמיר און וויזנדיק אַ באַשטעטיקונג פון ישראלישן קאָנסולאַט אין אַרגענטינע, אַז איך פיר מתנות פאַר מיינע ברידער און פאַר אייניקע פריינט, האָט מען מיר געהייסן באַצאָלן אַ שיבוש. און איך בין געזוען רויק מיט מיין געוויסן, ווייל איך האָב געוווּסט, אַז ניט איך האָב אָפּגענאַרט און ניט איך האָב געוואָלט אָפּנאַרן. איך האָב נישט געבראַכט קיין שום זאַך פאַר קיין מיסחר חלילה. איז למה

רגשו? וואָס טומלט מען זיך אַזוי? פאַרוואָס פאַרייניקן זיך אַזוי שטאַרק די אַלגעמיינע ציונים מיט מפּ״ם? (דעמאָלט זיינען זיי געווען פאַרייניקט. היינט האָט זיך, גאָט זיי דאַנק, געביטן. די געשעענישן אין די סאָוויעטישע סאַטעליטן לענדער האָבן געעפנט די אויגן אויף דעם גליטשיקן וועג, אויף וועלכן מפּ״ם גייט.) יאָ, עס זיינען פאַראַן פעלער, אָבער דאָס לאַנד אַליין איז נישט שולדיק. און זייער אָפט גיט מען אָן מעלות פאַר חסרונות...

און אַ מאָדנע זאַך: די אַלטע תושבים, מיט וועלכע מיר איז אויסגעקומען צו ריידן באַלד נאָך מיין אָנקומען אין לאַנד אַריין, האָבן זיך צום ווינציקסטן באַקלאָגט. און ווען איך האָב ביי זיי געפרעגט, צי זיי וואָלטן געוואָלט עמיגרירן אין אַן אַנדער לאַנד, אַ שטייגער קיין אַרגענטינע, האָבן זיי אַלע געלאַכט. עס האָט קיינעם נינט געלאָקט צו פאָרן אַפילו אין אַ לאַנד אַריין, ווו מען עסט צוויי מאָל אין טאָג פלייש. די סבראָס האָבן אויף מיר געקוקט פון אויבן אַראָפּ, ווי אויף אַ פּוסטער כלי וועלכן עס ליגט אין זינען נאָר דער סיר הבשר טאָפּ מיט פלייש און איך האָב געזען, אַז זיי פילן אין דעם סאַנדוויטש מיט דעם פאַלשן קעז מער טעם אַפילו ווי מיר אין דעם „ביפע דע לאַמאַ״ (ביפשטעק פון רוקן-פלייש), וואָס מען זאָגט, אַז ס׳איז דאָס געשמאַקסטע פלייש אין דער וועלט. זיי האָבן געזאָגט: „לויפן עסן אַ שטיקל טרייף פלייש, וואָס ווערט געכשרט דורך פּורעניות און גזירות? פאָרן עסן פלייש און לעבן אַזאַ לעבן, און דערביי וויסן, נישט מיט וואָס מען וועט דערפאַר באַצאָלן? דאָ איז טאַקע שווער, אָבער דערפאַר קען מען דערוואַרטן, אַז פאַר דעם הזורעים בדמעה, ברנה יקצורון — פאַר דעם זייען מיט טרערן, וועט מען שניידן מיט געזאַנג. מיר האָט געזאָגט איינער אַן אַלטער תושב: „דער לחם הקלוקל אין ארץ איז מיר טייערער ווי די מעדני מלכים אין גלות . . . ״

יאָ, שמעו נאָ המורים, הערט ווידערשפּעניקער און מרגלים, איך מאַך נישט קיין שותפות מיט אייך.

דאָס ערשטע, וואָס איך האָב געוואָלט זען, ביים אָנקומען קיין מדינת ישראל, איז — ירושלים. איך בין געווען גרייט באַלד ווי איך בין אָנגעקומען מיט דער שיף קיין חיפה, איבערלאָזן אַלץ און פליען, אָדער כאָטש לויפן קיין ירושלים.

אַ קליינינקייט ירושלים. אַרויסצוזאָגן דאָס וואָרט, איז ניט גרינג. און נאָך דערצו פאַר אַ יידן, וואָס האָט געלערנט אין חדר און איז געבענטשט מיט אַ זכרון און געדענקט אַלץ, וואָס איז באַשאַפן געוואָרן זייט ששת ימי בראשית און קען תנ"ך מיט געשיכטע און ער ווייסט, אַז דאָס הייליקסטע פּלאַץ פאַר דעם יידן, דער קדשי קדשים, איז ירושלים. און דערצו זאָגט מיר מיין ברודער נחמן תמיר, אַז אונדזער מישפּחה שטאַמט פון איין זייט פון דוד המלך און אַז פון דער צווייטער זייט קומען מיר אַרויס פון כהנים, ווו איך וועל אַ שפּאַן טאָן אין ירושלים, קען איך אַמאָל אָנטרעפן אויף די טריט פון אַן עלטער־עלטער־זיידן.

זיינען מיר נישט געפאָרן גלייך פון דער שיף קיין ירושלים, אָבער מיר זיינען געפאָרן גאָר גיך. איך האָב זיך געפילט, ווי איינער, וואָס קומט אין אַ לאַנד אַריין, ווו ער האָט אַ זיידן מיט אַ באָבען און אַ סך שוועסטערקינדער און ער פאָרט צום סאַמע ערשטן זען דעם זיידן מיט דער באָבען.

און מיר זיינען געווען אַ וווּנדערבאַרע געזעלשאַפט. ערשטנס פאָרט מיט אונדז מיין ברודער תמיר, וואָס איז שוין דאָ צוואַנציק יאָר און ער קען דאָס לאַנד אויסגעבונדן. און ירושלים קען ער ווי זיין האַנט. ער ווייסט אַפילו, אויב איר פאַרשטייט אַ וויץ, ווו דער תנא קמאָס קבר איז... (תנא קמאָ מיינט דער ערשטער תנא און מען ווייסט נישט ווער ער איז און וויסן זיין קבר איז אַלציינס ווי צו וויסן ווו עס איז דער קבר פון אומבאַקאַנטן סאָלדאַט). מיין ברודער קען באמת כל רזי עולם — אַלע סודות פון ירושלים. און דערנאָך פאָרט מיט מיר מיין בוענאָס איירעסער פריינט פורמאַן, וועלכער וואָלט געוואָלט איינשלינגען דאָס גאַנצע לאַנד אין זיך און מיטברענגען דערנאָך קיין אַרגענטינע כל הנגלות וכל הנסתרות — וואָס מען ווייסט יאָ און וואָס מען ווייסט מער נישט, ווי יאָ.

און איך אַליין ווייס נישט, וואָס פריער צו כאַפּן. אַלץ איז דאָ יידיש. דער צוג איז אַ יידישער, ער סקריפּעט און פייפט און קלאַפּט אויף עברית און אויף יידיש. ער מאַכט נישט קיין חילוק צווישן די ביידע שפּראַכן. דער מאַשיניסט איז אַ ייד, דער קאָנדוקטאָר איז אַ ייד, דער בילעט איז אַ יידישער, דער בופעטשיק איז אַ יידישער און אַלע פּאַסאַזשירן זיינען יידן. פאַר די פּאַסאַזשירן איז דאָס אַ וואָכעדי־קער גאַנג און דערפאַר פילן מיר, איך און פורמאַן, די צוויי אַרגענטי־נער, אַביסל פרעמד. אַלץ, וואָס ווייזט אונדז אויס הייליק, איז ביי די פּאַסאַזשירן אַלטעגלעך. און ס'איז נאַטירלעך. זיי פילן זיך ווי ביי זיך אין לאַנד. אַן איטאַליענער וועט נעמען פלוצים קוקן אויף זיין לאַנד, ווי אויף אַ הייליקייט?

אַ סברא (סאַברע) האָט מיינע רעיונות איבערגעשלאָגן. אינמיטן זומער האָט דער פרילינג אַ בלי געטאָן. אין שטעטל הר טוב איז זי אַרויפגעגאַנגען אויף דער באַן און מיר האָבן באַלד זיך דערוווסט, אַז זי הייסט אביבה. אַ פרילינגדיקע מיינט אביבה. באַזינגען דאַרף איך זי שוין נישט. שלמה המלך האָט זי שוין באַזונגען אין שיר השירים אינייניעם מיט אַלע בנות ירושלים. ער האָט וועגן איר געזאָגט — שחורה אני ונאווה. איך בין שוואַרץ און שיין. אַ שוואַרצע, אָבער אַ שיינע מויד, נישט געפאַרבט, נישט געפּודערט און פול מיט חן. איך בין זיכער, אַז גאָט אַליין האָט זי אַרויפגעשיקט, בכדי איך זאָל האָבן וואָס צו שרייבן. און אפשר האָט זי אַרויפגעשיקט דער יצר־הרע, בכדי מיר זאָלן זיך באַמבלען מחשבות זרות. אָבער — ניין! איך בין באַ־שאַנקען פון דער נאַטור מיט דעם טאַלאַנט פון אַ מאָלער און איך קוק אויף אביבהן מיט אויגן פון אַ מאָלער. איך ווייס נישט אויף וואָס פריער צו קוקן, אויף די בערג, די טאָלן, צי אויף איר. איך פאַרשטיי איצטער פאַרוואָס ר' עקיבא האָט אויף דער עלטער זיך געזעצט לער־נען, ווען ער האָט דערזען צום ערשטן מאָל רחלען.

עס פאָרן אין באַן מיליטערלייט. אָפיצירן פון אַלערליי ראַנגען און פשוטע סאָלדאַטן. איינער איז, דאַכט מיר, אַ גענעראַל. ס'איז טאַקע ווי מען האָט אַמאָל געזונגען: „בערל און שמערל אַ גענעראַל". און עס הערשט אַזאַ פשוטע און אינטימע באַציונג פון איינעם צום צווייטן. ווער „סמירנאַ" וואָס שקט (שעקעט), קיינער שטייט נישט אויסגעצויגן ווי קיין גולם. איך דערפיל אַז אין ישראל וועט קיינמאָל קיין רעוואָלו־ציע נישט אויסברעכן, ווייל עס הערשט דער קלענסטער אונטערשייד אין די באַציונגען צווישן העכסטן אָפיציר און פשוטסטן סאָלדאַט. און

ווען איינער פאַרציט אַ ניגון, הייבן באַלד אַלע אָן זינגען און דער לאַ-קאָמאָטיוו אַקאָמפּאַנירט, נאָך בעסער ווי יאַשאַ גאַלפּערן אַקאָמפּאַנירט בעלאַרסקין. און אינעווייניק אין מיר זינגט זיך אַזאַ אַ לידל:

רבונו של עולם, פאַרוואָס זאָלן יידן בכל קצוי תבל זיך יאָגן נאָך געלט און נאָך עשירות, אַז דאָ קען מען זיין גליקלעך מיט אַזוי ווייניק?

פונקט האַלבן טאָג האָבן מיר באַטראָטן די ערד פון דער הייליקער שטאָט. דאָס גאַנצע וועזן איז דורכגענומען געוואָרן פון אַ ציטער. די קני האָבן זיך געבויגן און אין גאַנצן וועזן האָט געזונגען. אַזוי פיל חורבנות זיינען דאָ שוין פאָרגעקומען, אַלץ האָט מען דאָ געקענט חרוב מאַכן, אָבער נישט די ערד אַליין און נישט אונדזערע געפילן צו איר. מיר גייען, פאָרן און אונדז גלייבט זיך נישט, אַז מיר געפינען זיך אין דער שטאָט, וווּ מיט טויזנטער יאָרן צוריק האָט געהערשט בית דוד, אָדער ווי תמיד זאָגט: אונדזער זיידע דוד... אָבער ס'איז פאַרט! דער הימל זעט אויס ווי אין ירושלים, די מענטשן זעען אויס ווי עפּעס פון אַן אַנדער וועלט. און די בערג. וווּהין דו הייבסט אויף די אויגן, זעסטו בערג און, סאַמע אַלטע באַקאַנטע. זיי ווערן דערמאָנט אין חומש, אין תנ"ך. הייבסט אַזש אָן זוכן דעם באַרג מוריה. פון דאַנען איז דאָך אַרויס גאָטס וואָרט. עס שטייט דאָך געשריבן: „ודבר ה' מירושלים".

מען האָט אונדז צוגעפירט צום בעסטן האָטעל וואָס ירושלים פאַר-מאָגט. „עדן" הייסט ער. דאַכט מיר, אַז נאָך הערצל איז אין אים איינ-געשטאַנען. ער איז מאָדערניזירט. אָבער ווער קען איינזיצן אין האָטעל. ווען ער וואָלט נישט נאָר געהייסן עדן, נאָר ער וואָלט געווען דער גן-עדן, וואָלט איך נישט פאַרבליבן אין אים. מיר לויפן קוקן. תמיד האַלט אונדז קוים נאָך. ווען ער איז געקומען דאָס ערשטע מאָל קיין ירושלים, איז ער אויך אַזוי געלאָפן. ער דערקלערט אונדז יעדן פּלאַץ און זיין היסטאָרישע באַדייטונג.

עס איז די צייט פון זומער-וואַקאַציעס. דער פּאַרלאַמענט, די כנסת איז געשלאָסן. אָבער אונדז לאָזט מען אַריין אָנקוקן. אַ „בית הכנסת" איז אַ שיל, אָבער די „כנסת" איז נישט ענלעך צו אַ בית-הכנסת, כאָטש אַמאָל איז דאָ אַ גרעסערער טומל אַפילו ווי אין אַ באָד. מען האָט שוין דאָ זיך געוואָרפן מיט שטולן און מען האָט שוין געוואָלט שיסן. מען ווייזט אונדז ווי עס זיצן די מיניסטאָרן, וווּ דער פאָרזיצער, וווּ דער פרעזידענט, וווּ דער פרעמיער. איך וויל דווקא וויסן וווּ עס זיצט דער לינקער מיקונים און דער רעכטער בייגין נעפּריטש-

קעם. דעם ערשטן האָב איך שטענדיק פיינט און דעם צווייטן האָב איך אַמאָל שטאַרק ליב געהאַט...

מיר גייען אַריין אין אַ פּרעכטיקן גאָרטן, וווּ עס געפינען זיך די געביידעס פון קרן קימת און קרן היסוד. די געביידע פון קרן היסוד האָבן ענגלענדער אַמאָל אויפגעריסן און זיי האָבן דערהרגעט מענטשן און געבליבן מיט אַ נאָז. אין בנין פון קרן קימת פירט מען אונדז אַריין אין הערצל־צימער. דאָס צימער, ווו ער, דער גרויסער מנהיג, האָט געאַרבעט, האָט מען אַריבערגעבראַכט פון ווין אַהער, נאָך איידער מען האָט אַריבערגעבראַכט זיינע ביינער. אויף די ווענט הענגען בילדער פון הערצלס עלטערן, פאָטאָגראַפיעס פון די קאָנגרעסן, דער ערשטער דיפּלאָם פון קרן קימת און אַ פּאַרמעט, וואָס אַרגענטינער יידן האָבן געשיקט צוריק מיט זעכציק יאָר. אין אַ שראַנק ליגט דער כתב־יד פון זיין „יודענשטאַט”, די גרויסע נבואה פון אונדזער צייט, וואָס איז מקויים געוואָרן. אָט איז אַ ביוסט פון אים, אָט דער חלום זיינער, די ווייזיע — „אויב איר ווילט, איז עס נישט קיין חלום”. האָט מען גע־וואָלט און ס׳איז נישט קיין חלום...

און אַז מיר זיינען געווען אין הערצלס צימער, זיינען מיר געגאַנ־גען צום קבר פון דוד המלך. מיר האָבן זיך געדראַפּעט אויף בערג, גע־קראָכן אויף טרעפּ און מיר האָבן זיך דערשלעפּט צו אַ פּלאַץ, ווו מען האָט אונדז געזאָגט אַז ס׳איז דודס קבר. לעבן אָרון ברענט שטענדיק אַ נר תמיד. אויף די ווענט זיינען אָנגעשריבן פּסוקים פון תהילים. איך גיב זיך ערשט איצטער חשבון ווי שיין זיי זיינען, אָט די פּסוקים. שע־נער פון דער שענסטער פּאָעזיע. און מיר, שאַלטיקעס, פלעגן לאַכן, ווען אַן אַלטער ייד האָט געזאָגט תהילים אין פּינסק. אין בוענאָס איירעס האָב איך קיינמאָל נישט געהערט זאָגן תהילים...

אַרום און אַרום זיצן יידן און זיי מאַכן אַ לעבן. מ׳קען נאָך מאַכן אַ לעבן פון דעם טויטן דוד המלך. ניין, אַ לעבעדיקער הונט האָט נישט מער ווערט, ווי אַ טויטער לייב... איינער דערלאַנגט אַ יאַרמעלקע, אַ צווייטער מאַכט אַ מי שברך, אַ דריטער ווייזט ווו זיך צו וואַשן די הענט. און פאַר די אַלע מיצוות באַצאָלט מען. איך באַגריס זיך מיט דוד המלך אויף שטום־לשון. איך אייזיק מירסקי פון פּינסק, וואָס איך בין ווי מיין ברודער האָט, זיין אייניקל.

מיר זיינען אינגאַנצן פּופציק מעטער פון דער אַראַבישער גרענעץ. פון דער וויטנס זעט מען דעם הר הצופים, ווו עס געפינט זיך דער העברעישער אוניווערסיטעט, וואָס איז באַוואַכט פון מילי־

טער פון אַלע שבעים אומות, פונדעסטוועגן האָט מען שוין אַרויסגע־
גנבעט אַלץ, וואָס דאָרט איז געווען. וואָס בעסער מען היט, אַלץ „בע־
סער" גנבעט מען...

מיר זענען אין איינע פּאָר שעה דאָס דאָזיקע, וואָס מיר האָבן גע־
לערנט אין משך פון יאָרן און יאָרן, אָבער מיר פילן נישט קיין מידקייט.
מיר גייען ווייטער. יעדער ווינקל רופט אַרויס זיכרונות פון שנים
קדמוניות. מיר פאָרן אַראָפּ קיין מאה שערים, ווו עס זיינען פאַראַן אַ
סך פון די יידעלעך די פאַרדאַרטע, די „נטורי קרתאָ". דריי טויזנט יידן
געפינען זיך דאָ, וואָס אָנערקענען עד היום נישט מדינת ישראל און
נישט די מלוכה פון דוד בן־גוריון.

מיר זעען עלטערע יידן, יונגעלייטלעך, קליינע יינגלעך. אַלע מיט
לאַנגע פּאות. די קינדער אַפילו טראָגן שטריימלעך. די פרויען גייען
אַלע מיט פאַרוקן און מיט טיכלעך אויף די קעפּ. זיי רעדן אַלע יידיש
און כאָטש מיר רעדן דאָך אויך יידיש, קוקן זיי אויף אונדז קרום. מיר
זיינען ביי זיי אין די אויגן פושעי ישראל און זיי ביי אונדז — משוגעים...
אויף די ווענט הענגען פּלאַקאַטן מיט נעמען פון יידן, וואָס מען האָט
אַריינגעלייגט אין חרם. עס איז מינחה צייט און זיי גייען דאַווענען... איך
וואָלט זיך אויך אַריינגעכאַפּט אין שול אַריין, עצהט מען מיר דאָס
נישט צו טאָן. זיי אָנערקענען נישט די יידישע מדינה, אָבער זיי דער־
לויבן זיך פונדעסטוועגן אַלץ, ווייל זיי זיינען אין אַ יידישער מדינה.
זיי נוצן דאָס גוט אויס. מען זאָגט, אַז בן־גוריון האָט אַן אייזערנע האַנט
און איך זאָג, אַז מען דאַרף זיין אינגאַנצן פון אייזן צו אַריבערטראָגן
פון אַזעלכע יידן. זיי טשעפּען די גאַנצע וועלט און אַז מען רירט זיי
אָן, געוואַלדעווען זיי...

מיר גייען אַוועק, ווייל עפּעס גלוסט זיך נישט פיינט האָבן קיין
יידן אין ירושלים. פאַרנאַכט זיינען מיר געזעסן אין גאָרטן פון האָטעל
און מיר האָבן געהאַט דאָס געפיל אַז דער איינער האַלבער טאָג האָט
געדויערט אַ פּאָר טויזנט יאָר. און מיר קומט אוים מאָדנע, וואָס איך
הער דורך ראַדיאָ פאָקסטראָטן מיט בוגי־בוגים... עפּעס דאַכט זיך מיר,
אַז דאָ וואָלט איך געדאַרפט הערן די שירה פון די לוויים... און ווען
איך פאַרמאַך די אויגן און אַרום ווערט אַביסל שטיל און דער בלויער
הימל קוקט אַזוי מלכותדיק ווי אין קיין שום שטאָט נישט פון דער
וועלט, הער איך טאַקע דאָס געזאַנג פון די לוויים. און איך הער זאָגן,
אָדער איך זאָג אַליין:

„אם אשכחך, ירושלים, תשכח ימיני... אויב איך וועל דיך פאַר־

געסן, ירושלים, זאָלסטו פֿאַרגעסן מײַן רעכטע האַנט... תּדבק לשוני לחכּי, זאָל מײַן צונג צוגעקלעפּט װערן צו מײַן גומען, אויב איך װעל דיך נישט דערמאָנען"...

און איך זיץ און איך שװײַג און איך זינג לאַנג, לאַנג. דאָ איז געשען אַלץ, פֿון דאַנען איז אַרויס גאָטס װאָרט... דאָ איז עס...

איין און צוואנציקסטער קאַפּיטל

# אין גבת האָב איך געזען ווי דער חלום פון מיין פאָלק ווערט פאַרווירקלעכט

עס איז פאַראַן אַ מאמר „אין מוקדם ומאוחר בתורה" — נישטאָ קיין פריער און שפּעטער אין דער תורה. אין ישראל איז אויך אַזוי. נישטאָ אַזאַ זאַך, וואָס מען דאַרף באַשרייבן פריער און וואָס שפּעטער. דאָס איינציקע, וואָס האָט מיך געצויגן צו זען און באַשרייבן פריער, איז ירושלים. די שטעט תל־אביב, חיפה, יפו, צפת, טבריה, עכו, פתח־תקווה, ראשון לציון, רחובות, נהריה, רעננה, נתניה, עפולה, רמת־גן — אָט די אַלע ישובים זיינען גרויסשטאָטישע און דורכפאַרנדיק זיי, זעט מען, אַז מיר זיינען אַ פאָלק מיט פעלקער גלייך. עס פעלן דאָרטן נישט קיין מענטשן, וואָס זיצן אין מיטן העלן טאָג אין די קאַפע־הייזער און זיי קיבעצן. און מיר ווילט זיך נישט פאַרשוועכן די הייליקייט, מיט וועלכער איך האָב זיך אָנגעזעטיקט אין ירושלים. איז ויביאני ה׳ אל הבקעה, זיינען מיר אַוועק אין די קיבוצים אַריין.

חתן בראשית האָט ביי מיר געקראָגן דער קיבוץ גבת, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אויף דעם נאָמען פון די „קדושי פינסק". און וואָס קען מיר זיין נעענטער און הייליקער ווי די קדושים פון מיין געבוירן־שטאָט? און וויפל האָט געפעלט, אַז איך אַליין זאָל זיין איינער פון די דאָזיקע קדושים?

זיינען מיר אַהין אַריינגעפאָרן דורך אַן אַלייע פון פאַלמען־ביימער. אָבער — וועלכער קיבוץ, ווו קיבוץ? וואָס זעען מיינע אויגן? דאָס איז אַ שטאָט מיט וווּנדערבאַרע, מאָדערנע הייזער. אין סאַמע מיט פון אָט די הייזער געפינט זיך אַ גאָר שיינע געביידע, וואָס איז אַ בית־עם און וואָס טראָגט דעם נאָמען פון אונדזער לאַנדסמאַן הערשל פינסקי. ער איז אומגעקומען, אומקערנדיק זיך אין קיבוץ אַריין, ווייל ער איז אַריינגעפאַלן אין אַ זומפּ.

איך גיי באַלד נאָך מיין אָנקומען אויפזוכן מיין פריינד אברהמל קאַבילניקס שוועסטער רחל. און נאָך דעם, וואָס איך האָב מיט איר פאַרבראַכט אַ שטיקל צייט, איז איר ברודער אין מיינע אויגן געשטיגן.

די ערשטע אויפנאַמע האָט מען אונדז געמאַכט אין הויז פון אליעזר און גוטע ברזילאַי, וואָס זיינען פורמאַנס שוועסטערקינדער. אַליעזר איז אַ בוכהאַלטער אין קיבוץ. ער געפינט זיך דאָרט, זייט גבת איז געגרינדעט געוואָרן — אַ קיימאַ לן פון איין און דרייסיק יאָר. לויט

גענגרינדעט געוואָרן על שם קדושי־פינסק.







דער צייט, וואָס ער געפינט זיך אין קיבוץ און לויט דעם אַמט, וואָס ער פאַרנעמט דאָרט, איז ער דער באַרופענער אונדז צו דערקלערן די גאַנצע קאָנסטרוקציע פון דער דאָזיקער פּרעכטיקער און אידעאַליסטישער קאָמונע. און אַזוי ווי כמעט אַלע קיבוצים זיינען ענלעך איינער צום צווייטן, האָבן מיר זיך דורך יענער לעקציע באַקענט מיט אַלע קיבוצים פון ישראל, וואָס זייער צאָל גרייכט צו צוויי הונדערט.

די אויפנאַמע איז געווען אַזאַ, אַז דאָס אָנגענעמע איז געגאַנגען האַנט ביי האַנט מיט דעם נוצלעכן. ביי אַביסל כיבוד האָט דער הער ברזילאַי אָפּגעגעבן אַ טעאָרעטישן באַריכט וועגן דער גאַנצער ווירטשאַפט, וואָס מען רופט אין ישראל „משק", אויך, ווען מען רעדט נישט קיין עברית. איך וועל פּרווון איבערגיבן אַלץ, וואָס דער באַריכט-געבער האָט דערקלערט, אָבער איך האָב מורא, אַז מער ווי מעשר וועל איך אייך נישט באַווייזן צו גיבן. הלוואי איך זאָל קענען איבערגעבן אַ צענטל פון דעם, וואָס ער האָט מיר דערקלערט. מענטשן האָבן דאָרט אויפגעטאָן ווונדער. און ווייסט איר ווער עס זיינען די דאָזיקע מענטשן? נישט קיין אַראַבער און נישט קיין אַנדערע גויים, נאָר אחינו בני ישראל. איך וואָלט אַוועקגעגעבן כל הון דעלמאָ, ווען איך קען צונויפנעמען די אַנטיסעמיטן פון אַלע לענדער, וועלכע האַלטן אונדז פאַר אַ פאָלק, וואָס איז נאָר פעיק צו מיסחר און צו שווינדל. איך וואָלט זיי געוויזן גבת און אַלע אַנדערע צוויי הונדערט קיבוצים און איך וואָלט זיי געפרעגט, צי מ'קען בעסער און אָרנטלעכער אַרבעטן, ווי מען אַרבעט דאָרטן.

אין גבת געפינען זיך לערך אכט הונדערט נפשות, אנשים, נשים וטף. זיי פאַרנעמען אַ שטח פון ניין טויזנט דונאַם ערד און זיי פאַרמאָגן צוויי הונדערט בהמות, פון זיי הונדערט פופציק מעלקנדיקע, דריי הונדערט פופציק שעפסן און זעקס טויזנט הינער, וואָס לייגן יעדן טאָג דריי טויזנט אייער. עס איז דאָרט חוץ דעם פאַראַן אַ פאַבריק, ווו עס ווערן אויסגעאַרבעט אַגראַרע מאַשינען, עלעוואַטאָרן, אויסער דעם זיינען פאַראַן וואַרשטאַטן, אין וועלכע עס ווערט אויסגעאַרבעט אַלץ, וואָס מען דאַרף האָבן אין קיבוץ. חוץ דעם גרויסן עסצימער, איז פאַראַן נאָך אַן עסצימער מיט אַ כשרער קיך, פאַר די רעליגיעזע מענטשן פון קיבוץ. די דאָזיקע מענטשן האָבן אויך אַ שול צום דאַוונען.

גאַנץ אָפט קומען אין קיבוץ אַראָפּ טרופּעס אַקטיאָרן, וואָס שפּילן טעאַטער. אַלע וואָך, אָדער צוויי וואָכן ברענגט מען פילמען. מיר שיינט, אַז אין קיבוץ לעבט מען אינטערעסאַנטער ווי אין שטאָט און

גרינגער אויך. ווען דער קיבוצניק אַרבעט אָפּ זיינע אַכט שעה ביי זיין ספּעציאַליטעט, איז ער דערנאָך אַ פרייער מענטש און ער קען לייענען, דיסקוטירן, זען טעאַטער, קינאָ, הערן מוזיק און הנאה האָבן פיזיש און גייסטיק פון לעבן.

עס איז געקומען די צייט פון אָוונטברויט און מיר זיינען אַלע גע־גאַנגען אין חדר־האוכל, אין עסצימער אַריין. מיר זיינען נישט די איינ־ציקע געסט. וואָרום ווער פון די קיבוצניקעס האָט נישט קיין פּריינט אין שטאָט? און ווו נאָך איז פאַראַן אַ געלעגנהייט זיך צו אויסרוען און דערצו עסן פרישטיק, מיטאָג און אָוונטברויט גאַנץ אומזיסט? קיינער שטעלט דאָ קיינעם קיין פראַגע נישט ווער ער איז און צו וועמען ער איז געקומען. איר קענט דאָ זיצן ווי אַ גאַסט פופצן טעג און עסן און טרינקען און רוען און זען ווי די אַנדערע אַרבעטן. און ערשט דערנאָך דאַרפט איר מוחל זיין און פאַרקאַטשען די אַרבל און זיך שטעלן אַר־בעטן. אַז איינער וויל אַריינטרעטן אין קיבוץ, ווערט ער צוגענומען אויף זעקס חדשים פאַר אַ פּרווו. נאָך דעם ווערט געמאַכט אַ פלעבעס־ציט. בכדי צו קענען ווערן אַן אַקטיווער חבר, דאַרף ער באַקומען צוויי דריטל פון אַלע שטימען.

אין עסזאַל האָבן מיר געטראָפן ביי טישן אַ צוויי הונדערט מענטשן. איך בין געבליבן שטיין אַ צען מינוט ביי דער טיר און איך האָב זיך צוגעקוקט צו אַלץ, וואָס דאָרט קומט פאָר. ווי אַן אַנטוישטער אין דעם אידעאַל פון קאַרל מאַרקס, האָב איך זיך נישט פאַרגעשטעלט אין דער נאָענטקייט פון דער ווילדער דיקטאַטור זאָל הערשן אַזאַ אידעאַליזם און אַזאַ נאָבלקייט. ליידער ווערט די איידלקייט דאָרט פאַרשוועכט צו־ליב דעם אַריינדרינגען פון אַ געווויסער פּעסט (איך וועל שפּעטער דער־קלערן, וואָס איך מיין). עס איז געווען אַ פאַרגעניגן צו קוקן אויף דעם, וואָס עס קומט דאָרט פאָר.

פיר צוויי־שטאָקיקע טישלעך ווערן אַרומגעפירט איבער דעם עס־צימער. די קעלנער, אָנגעטאָן אין ווייסן, זויבער און ציכטיק, סערווירן דאָס עסן. ברויט, מאַרגארין, וואָס האָט כמעט דעם זעלביקן טעם, וואָס פּוטער, טאָמאַטעס, אייער, עפּל, קאַווע, קיכלעך. און אַלץ איז דאָ לרוב. דאָס וויכטיקסטע איז געווען, וואָס די אַלע, וועלכע האָבן אָפּגעגעסן, האָבן נישט געדאַרפט וואַשן דאָס געשיר און אויך נישט אָפּרוימען פון טיש. זיי האָבן שוין זייער אַרבעט אָפּגעטאָן. איך בין זיכער, אַז ווען מיין פרוי וועט דאָס איבערלייענען, וועט זי אַ קוק טאָן צערטלעך אויף מיר און זאָגן: וואָס דען? אַזוי ווי איך? און איך האָב טאַקע גע־

האָט דאָס געפּיל, אַז די פּרויען פון קיבוץ איז גרינגער ווי די פּרויען פון מיטלשטאַנד, וואָס לעבן אין שטאָט און טראָגן אַליין דעם גאַנצן עול פון דער שטוב.

אונדזער חבריה האָט פאַרנומען אַ באַזונדער טיש. מיר זיינען גע־ווען אַ גאַנצע גרופּע: מיין שוועסטער דבורה, די דערמאָנטע רחל קאַ־בילניק, אליעזר און גוטע ברזילאַי און די צוויי אַרגענטינער געסט — אייזיק פורמאַן און מיין ווייניקייט. אונדזער גרופּע איז געוואָרן גרע־סער און גרעסער. קיבוצניקעס זיינען צוגעקומען אונדז באַגריסן. מיין שוועסטער, וועלכע איז צוריק מיט צוואַנציק יאָר געווען לערערן אין גבת. מען געדענקט זי און מען דערמאָנט זי מיט אָנערקענונג. מען שטעלט אונדז פאָר סימפּאַטישע מענטשן, געוועזענע פּינסקער תוש־בים. זיי פאַרשעמען חלילה נישט אונדזער געבוירן־שטאָט, וואָס האָט געשפּילט אַזאַ וויכטיקע ראָלע אין אונדזער לעבן און וועט פאַרנעמען אַ בכבודיק פּלאַץ אין אונדזער געשיכטע. דער ערשטער נשיא פון ישראל האָט דאָך זיינע קינדער־יאָרן פאַרבראַכט אין פּינסק.

און וויצמאַן איז דער גרעסטער פּינסקער, אָבער נישט דער איינ־ציקער גרויסער. אָט איז חיים גבתי (גוואַטי). אין דער היים האָט ער געהייסן סוויטאָשע. ער האָט זיין נאָמען געביטן ווי אַ סך אין ישראל און אים פאַרבונדן מיטן נאָמען פון קיבוץ. ער איז דער מנהל פון דער־פאַרטאַמענט פאַר אַגריקולטור. דאָס איז אַ הויכער אַמט. פינף טעג אין וואָך געפינט ער זיך אין ירושלים און אויף שבת קומט ער קיין גבת. ער איז אַ באַשיידענער מענטש און ער פירט זיך דאָ אויף כאחד מן העם. דאָ צערעמאָניעט מען זיך נישט מיט קיינעם. זיין געהאַלט גייט אַריין אין דער קאַסע פון קיבוץ, ווי דער געהאַלט פון יעדן אַנ־דערן מיטגליד. ער מעג אַפילו זיין אַ מיניסטער. און איין קיבוץ האָט טאַקע אַ מיניסטער אויך. דער פינאַנץ־מיניסטער לוי אשכול (אין דער היים האָט ער געהייסן שקאָלניק) איז אַ מיטגליד פון אַ קיבוץ. זיין נאָ־מען ווערט אַרויסגערעדט מיט אַ סך רעספּעקט. מיין שוועסטער שטעלט מיר פאָר חיים גבתי און זי זאָגט מיר, אַז אין פּינסק פלעגט ער אַריינ־קומען צו אונדז אין הויז. זי שטעלט מיר אויך פאָר זיין ווייב ליובאַ, וואָס איז אַ קראַנקן־שוועסטער און אַ וואונדערלעכע פרוי. מיין שוועס־טער באַקענט מיך מיט נאָך קיבוצניקעס:

— דאָס איז — זאָגט זי — אַרקע ווײנער, דו האָסט מיסתמא גע־הערט פון אים. ער איז געווען אַ לערער אין לאה פייגעלעס שול. זיין פרוי איז געווען אַ שרייבערין, אַלע האָבן זי ליב געהאַט. זי איז גע־

שטאָרבן צוריק מיט צוויי יאָר. פונקט היינט איז איר יאָרצייט. אירע מעשים טובים ווערן נישט פאַרגעסן. עס איז אין קיבוץ גופא דערשינען אַ בראָשור, וואָס איז געווידמעט איר אָנדענק.

און מיין שוועסטער שטעלט מיר פאָר נאָך און נאָך פינסקער. זי שטעלט מיר פאָר דעם לערער ישראל בעגון, די פריינט פאַסטערנאַק, שטיינבערג. און אָט איז גיטל מלעצקי, אַ פריינדין פון די אַרגענטינער מפא״י־חברים, די ברידער אייזנבערג. און זי פרעגט מיך, צי איך קען זיי. עס איז אַלציינס, ווי מען זאָל פרעגן אַ סטאָלענער חסיד, צי ער קען דעם סטאָלענער רבין. איך דערצייל איר, אַז די ברידער אייזנבערג זיינען די קאָודיזשאָס (פּאָליטישע פירער) פון דעם פאַרשטעטל סאַן פערנאַנדאָ און אַז עס קומט נישט פאָר קיין שום מפא״י־מסיבה אָן זייער באַטייליקונג. מען רעדט, מען דערמאָנט אַמאַליאַ, פישל, מאיר... פינסקער פון צוויי עקן וועלט האָבן זיך געטראָפן אין דעם גרויסן פינסקער קיבוץ גבת.

נאָך וועטשערע האָבן מיר זיך פאַרקליבן צו רחלען אין צימער. אויף דעם וועג האָב איך איר אָפּגעגעבן אַ באַריכט וועגן איר ברודערס לעבן. איך האָב זיך דערמאָנט אין קאַבילניקס וואָרנונג פאַר דעם אַוועקפאָרן. ער האָט מיר געזאָגט: „אייזיל, מיט חסד!״ ער האָט מורא געהאַט, אַז איך זאָל דעם גרוס נישט וועלן באַפּוצן מיט פילאָזאָפיע, אָדער איך זאָל נישט דערציילן וועגן עבירות, וועלכע ער איז קיינמאָל נישט באַגאַנגען. איך האָב אים געענטפערט, אַז איך מאַך נישט פון ערנסט קיין שפּאַס און אַז איך בין קיינעם נישט פוגע בכבוד און איך מינער נישט דעם כבוד פון דעם, וואָס פאַרדינט דאָס. איך האָב געזאָגט:

— רחל, וועגן דיין ברודער קען קיינער דיר נישט אָפּגעבן אַזאַ גרוס ווי איך, אַפילו נישט ער אַליין. „מי ראַזאָס שלי״. מיר זיינען געגאַנגען איינענעם. ער איז אַ ווילער בחור, אַ פשוטער, אָן דריידלעך און אָן שפּיצלעך. ער איז נישט קיין גרויסער אינטעלעקטואַל, אָבער ער איז אויך ווייט פון זיין אַ גראָבער יונג. ער האָט אַ ווילע פרוי און צוויי געראָטענע קינדער, אַ זון און אַ טאָכטער. דער זון וועט שוין גרייכן דאָס דאָזיקע, וואָס דער פאָטער האָט געוואָלט, ווייל ער ווערט דערצויגן אין אַ גרויסער שטאָט. דיין ברודער רעדט אָפט וועגן אייך. אַ סך מער ווי וועגן דיין ברודער אין נ. אַמעריקע. זיין פינאַנציעלער מצב איז נישט קיין שלעכטער, אָבער אויך ווייט פון זיין גוט. דאָס ביסל געלט, וואָס ער האָט, קען מען אין אַרגענטינע פאַרשפּילן אין איין חודש אין רולעטע, אָדער אין קאָרטן. און ער האָט דאָס, ווייל ער

שפילט נישט. ער האָט זיך אויך אָפּגעזאָגט פון צופיל לוקסוס און באַקוועמלעכקייט.

מיר האָט זיך דעמאָלט געוואָלט אָנקלינגען טעלעפאָניש קיין בוענאָס איירעס און פרעגן:

— אברהמ'ל, געפעלט דיר דער גרוס, וואָס איך האָב פון דיר אָפּגעגעבן דיין שוועסטער?

און איך האָב געוואָלט צוגעבן:

— דער גרוס, וואָס איך וועל דיר אָפּגעבן פון דיין שוועסטער, וועט זיין אינטערעסאַנטער.

ווען איך בין געווען אַ ייִנגל, האָב איך געטרוימט וועגן שרייבערייַ. איך האָב געחלשט צו ווערן אַ זשורנאַליסט, אָדער כאָטש אַ רעפּאָרטער. און איך האָב יאָקאָם אָפּגעלעבט אַ קאַרגן יובל אָן דעם. און איך פרעג זיך אַליין: צו וואָס פאַר אַ גוט יאָר האָב איך זיך גענומען אויף דער עלטער נאַריש מאַכן און שרייבן? זאָל עס זיין דערפאַר, ווייל איך בין מקנא מיין ייִנגערן ברודער נחמן, וואָס הייסט איצטער תמיר? אָבער ער איז נישט אַזוי פאַרשקלאַפּט צון זיין פּראָפעסיע ווי איך. ער זיצט צווישן מענטשן, ווי יעדער איינער. ער רעדט און עסט און איז זיך משמח. אַ סך מאָל דאַכט זיך, אַז ער הערט זיך איינגאַנצן נישט צו צו דעם, וואָס מען רעדט. און פּלוצים שפּרינגט ער אַרויס מיט אַזאַ אימפּראָוויזאַציע, אַז דער עולם בלייבט פאַרגאַפט. און איך זיץ איצטער צווישן מענטשן עפּעס ווי אַ גולם. איך האָב מורא זיך צורירן צום עסן און טרינקען, איך זאָל חלילה נישט פאַרהערן, וואָס מען רעדט.

אָבער מיך אַרט דאָס נישט, ווייל איך ווייס, אַז פון דעם אויפמערקזאַם זיך צוהערן, וועט אַרויסקומען אַ גוטע זאַך. איך וועל אָפּגעבן גוטע גרוסן און מען וועט הנאה האָבן. ברידער וועלן אָפּנעמען גרוסן פון שוועסטער, שוועסטערקינדער פון שוועסטערקינדער און איך וועל שאַפן אַ וואַרימערן קאָנטאַקט צווישן אַרגענטינער יידן און מדינת ישראל. אָט זאָגט צו מיר אַ פרוי:

— אדון מירסקי, איך האָב אויך אַ קוזין אין אַרגענטינע, אפשר קענט איר אים?

— גברת — ענטפער איך איר — אין אַרגענטינע איז דאָ אַ קאַרגער האַלבער מיליאָן יידן און אפשר מער, איז ווי קען מען קענען אַלע?

די פרוי איז נישט קיין מיאוסע און טאַקע אַ גאַנץ סימפּאַטישע. איך האָב ביני לבינה סיי ווי געכאַפּט אַ קוק אויף איר. איך האָב זייער געוואָלט קענען איר קוזין, האָב איך זיך געקלערט: אולי ירחם,

אפשר וועט גאָט העלפן און איך וועל אים קענען. און אַז איך וועל אים נישט קענען, קען איך דאָך אויך דערציילן אַ מעשה, אַז איך קען אים. אַ שרייבער בין איך דאָך שוין געוואָרן, וועל איך אים אויס־טראַכטן. מיינע קאָלעגן אַפּאַטאַשו, שלום אַש, נעמען נישט אַמאָל אַרויס אַ העלד פון דער הפטורה און זיי גיבן אים אַ מאָל אַפּ אַ לעבע־דיקן, גלייך ער וואָלט טאַקע עקזיסטירט? און איך פרעג זי ווי אַזוי אירע קוזינען הייסן. רופט זי זיך אָן:

— יצחק וועקסער הייסט איינער.

— צו מיינע שונאימס קעפּ — האָט זיך ביי מיר אַרויסגעכאַפּט.

יצחק וועקסער איז מיינער אַ גוטער פריינד. ערשט צוריק מיט דריי חדשים זיינען מיר געווען ביי זיין מענדלען אויף דער חתונה. פאַר מיין אַוועקפאָרן איז ער געקומען איניינעם מיט זיין פרוי זיך געזעגנען מיט מיר. אָבער גיי דערצייל איר, אַז ער האָט מיר אַפילו נישט דער־מאָנט, אַז ער האָט קוזינעס אין ישראל. און אַז איינע פון זיי, מרים וועקסער, עכשיו סטאַרבינסקי, רעדט איצטער מיט מיר. און זי גראָד אַזאַ סימפּאַטישע, אַז ס'איז חלילה נישטאָ מיט וועמען זיך צו שעמען. איך האָב שיר נישט אַרויסגעכאַפּט זיך מיט דעם וואָרט: „אָט דעם ים קאָטער!" ער האָט אַזאַ צונאָמען ביי אונדז. אָבער איך האָב זיך דער־מאָנט, אַז ער איז אָפּט מיין זשיראַנט. ער שרייבט גאַנץ אָפּט אונטער פאַר מיר אַ וועקסל און כאָטש ער איז דירעקטאָר פון דער פּאָפּולערער קאַסע אין וויזשאַ קרעספּאָ און פּרעזידענט פון דער פּינסקער לייקאַסע, ברענגט ער מיר דאָס געלט אַהיים מיט זיין אייגענעם אויטאָ. און ביז נאָך האַלבער נאַכט בין איך געזעסן מיט מרימען ביי רחלען אויפן גאַ־ניק — זי וווינט בשכנות — און איך האָב איר אָפּגעגעבן אַ פולן באַ־ריכט וועגן איר קוזינס לעבן און איך האָב זיך אויסגעפרעגט וועגן איר לעבן און וועגן איר פאַמיליע. מיט איר מאַן האָב איך זיך באַקענט דעם צווייטן טאָג און אויך מיט איר שוועסטער גוטע. איר מאַן איז געווען אָפיציר אין דער הגנה און איר טאָכטער מאַכט איצטער דורך מיליטער־דינסט. איך האָב זי נישט געזען, אָבער פון איר פאָטאָגראַ־פיש בילד האָב איך דערקענט, אַז זי איז גאָר אַ שיינינקע. זי האָט שוין אַ בחור. און כאָטש דער ב. איירעסער קוזין האָט זי נישט איינ־געלאַדן צו זיין זון אויף דער חתונה, לאַדט זי אים יאָ איין צו איר טאָכטער אויף דער חתונה. אין איין וועג האָט פרוי סטאַרבינסקי גע־רעדט וועגן אירע אַמעריקאַנער קרובים און זי האָט דערציילט וועגן זייער קאַלטקייט. זי איז מיט צוויי יאָר צוריק געווען אין נ. אַמעריקע.

האָט זיך אין מיר דערוועקט דער אַרגענטינער פּאַטריאָטיזם און טאַקע מיין גוטפריינטשאַפט מיט די וועקסערס און איך האָב בשום אופן נישט דערלאָזט, אַז מען זאָל אונדזער וואַרימקייט פאַרגלייכן מיט דער יענקישער קאַלטקייט און איך האָב איר דערציילט, אַז איר קרוב איז נישט דער זעלביקער יאַטל פון צוריק מיט אַכט און צוואַנציק יאָר, וואָס זי האָט ביי זיך אין אַלבום זיין בילד. ער איז היינט אַ מענטש מיט פּאַרנעס אין מיסחר און ער איז אויך אַקטיוו געזעלשאַפטלעך און ער ווערט אויףביידע געביטן געשאַצט. אַ סך האָט אים געהאָלפן צו גרייכן זיין מדרגה די פרוי זיינע. און זי האָט גראָד באַציונג צו איר מאַנס מישפּחה און זי שטויסט קיינעם נישט אָפּ. און ווען איך וועל אָפּגעבן אַ גרוס פון דעם מאַנס קרובה, וועט די פרוי טאָן אַלצדינג צו אָנקניפּן באַציאונגען און פריינטשאַפט.

די פרוי האָט פאַרשטאַנען, אַז איך בין אויסן שלום בית און זי האָט געזאָגט:

— אדון מירסקי, זאָלן זיי קומען אַהער, מיר וועלן זיי דאָ וואַרים אויפנעמען!

איך האָב יענע נאַכט נישט געקענט שלאָפן. אין מיין מוח האָבן זיך געפּלאָנטערט פּינסק, ניו־יאָרק, בוענאָס איירעס, ישראל... אַזוי צע־טיילט און דאָך פאַראייניקט... און אַזאַ חילוק צווישן די פּינסקער פון איין ישוב, אַ צווייטן און אַ דריטן... מה הבדל יש מעם זה לבינינו?

ביי דעם ערשטן קריי פון אַ האָן בין איך שוין געווען אויף. איך האָב זיך אַרויסגעלאָזן באַטראַכטן דעם משק. זיבן אַזייגער זיינען שוין אַלע געזעסן אין עסצימער און געגעסן פרישטיק. דערנאָך האָט מיך הער ברזילאַי געפירט איבער דעם קיבוץ צו ווייזן אַלץ, וואָס מען האָט דאָ אויפגעטאָן. איך האָב געזען די מאָדערנסטע איינריכטונגען און אַזעלכע דערגרייכונגען, וואָס מען זעט נישט אין קיין גרעסערע לענ־דער. דאָס אַלץ איז דערגרייכט געוואָרן אַדאַנק דער קרבנות־גרייטקייט, דער אָנשטרענגונג און דעם אידעאַליזם פון די אַלע, וואָס זיינען אַהער געקומען צוריק מיט דרייסיק און צוואַנציק יאָר. אין איין האַנט האָבן זיי געהאַלטן די ביקס און מיט דער צווייטער האָבן זיי געאַקערט און געזייט. זייער לאָזונג איז געווען „טוב למות בעד ארצנו!" — גוט צו שטאַרבן פאַר אונדזער לאַנד.

די נייע עולים פּאַסן זיך שווערער צו, כאָטש זיי טרעפן בעסערע באַדינגונגען און דאַרפן זיך ווייניקער אָנשטרענגען. פון ערשטן טאָג אָן האָבן זיי גאַנצע טענות. אַוודאי זיינען אין ישראל פאַראַן אַ סך

איינגעזעסענע, ווען מען לעבט זיך שוין איצטער גוט, מען דאַרף אָבער נעמען אין באַטראַכט וויפל זיי האָבן זיך אָנגעפּלאָגט, ביז וואַנען זיי האָבן געגרייכט צום איצטיקן צושטאַנד. איינער, וואָס איז נעכטן אָנגעקומען, קען דאָך נישט פאַרלאַנגען די זעלביקע באַקוועמלעכקייטן, וואָס עס האָט איינער, וועלכער אַרבעט דאָ שוין צוואַנציק, אָדער דרייסיק יאָר.

איך האָב זיך ווייטער באַקענט מיט דעם לעבן אין קיבוץ און מיין באַגייסטערונג איז כסדר געשטיגן. אַ באַזונדער אויפמערקזאַמקייט ווערט דאָ געשענקט די קינדער פון דער ערשטער רגע אָן, וואָס זיי ווערן געבוירן. זיי ווערן געהאַלטן אָפּגעטיילט פון די עלטערן און זיי ווערן דערצויגן אונטער דער השגחה פון דערציערנס. די מוטער גייט ווייטער אָן מיט איר אַרבעט און זי קומט נאָר אָנזייגן דאָס קינד. ווען דאָס קינד ווערט גרעסער, קומט עס צו די עלטערן אויף אַ פּאָר שעה אין טאָג. די גאַנצע צייט געפינט עס זיך צווישן קינדער. די שול פון קיבוץ באַשטייט פון צוועלף קלאַסן. אויב דאָס קינד ווייזט אַרויס באַזונדערע פעיקייטן, ווערט דאָס געשיקט אויף דעם חשבון פון קיבוץ אין אַ מיטלשול און ווייטער, אָדער אין אַ פאַכשול. דער קיבוץ האָט היינט אַ סך פּראָפעסיאָנאַלן און ספּעציאַליסטן, וואָס זיינען געבוירן געוואָרן דאָרט און מען דאַרף נישט ברענגען קיין ספּעציאַליסטן פון אַנדערע מקומות.

די פּראָדוקטן, וואָס דער קיבוץ שיקט אַרויס, ווערן פאַרקויפט דער „תנובה" (אַ קאָאָפּעראַטיווע פון די לאַנדווירטשאַפטן) אויף פּרייזן, וואָס זיינען באַשטעטיקט פון דער רעגירונג. פון דעם פּדיון נעמט מען קודם-כל אַראָפּ אויף די אייגענע באַדערפעניש און מען צאָלט אָפּ חובות און דאָס געלט, וואָס בלייבט, ווערט אינוועסטירט אין כלערליי אַפּאַראַטן און מאַשינען, וואָס זיינען נייטיק פאַר דער ווירטשאַפט. און דער קיבוץ האָט טאַקע מאַשינעריע. איך האָב געזען ווי הונדערט פּופּציק בהמות ווערן אויסגעמאָלקן אין משך פון אַנדערטהאַלבן שעה אויף אַ גרויס-אינדוסטריעלן אופן. גומענע קישקעס ווערן זיי אָנגעטאָן אויף די אייטערס, וואָס ווערן קאָמבינירט מיט עלעקטרישע אַפּאַראַטן. איך האָב אויך געזען ווי וואַגאָנעטקעס פאָרן אַרום צווישן די הינער-שטייגן און דאָס עסן ווערט פאַרטיילט אויטאָמאַטיש. אויך די אייער ווערן צו-צוויפגעקליבן אויף אַזאַ אופן.

מיר זיינען געווען אין קיבוץ גראָד אום שבת. און דער שבת האָט זיך געפילט. אַ פּערציק פרומע יידן און יידענעס האָבן געדאַווענט מיט

התלהבות אין שול. בחורים און בחורות האָבן שפּאַצירט אין די פּאַל־מען־אַלייען. די קינדער האָבן פֿאַרבראַכט דעם פרייען טאָג אויף זייער שטייגער. אָבער די אַרבעט איז נישט געמינערט געוואָרן. דאָס נייטיק־סטע איז געטאָן געוואָרן. און דער שבת איז נישט פֿאַרשוועכט געוואָרן. השמים — שמים לה׳ והארץ נתן לבני אדם. איך האָב געהאַט דאָס גע־פיל, אַז ווען די נייטיקסטע אַרבעט וואָלט נישט געטאָן געוואָרן, וואָלטן די פערציק פרומע נישט געקענט דאַוונען. יאָ, אין גבת האָב איך געזען ווי דער גרויסער חלום פון מיין פאָלק ווערט פאַרווירקלעכט!

צוויי און צוואַנציקסטער קאַפּיטל

# אַ באַזוך ביי דעם ראש העיר פון חיפה, אבאָ חושי

וואָס מערער איך האָב זיך באַקענט מיט דער וווּנדערבאַרער שטאָט חיפה, אַליין מער האָב איך זיך געוואָלט באַקענען מיט דעם ראָש העיר (בירגערמייסטער, אינטענדענט) אבאַ חושי, וואָס האָט אַ גרויסן נאָמען אין גאַנצן לאַנד. אַפילו זיינע קעגנער רעדן וועגן אים מיט יראת הכבוד. ער איז באמת דער טאַטע פון דער שטאָט. ער קען מיט גוטן געבן אַ שלעפּ צונויף אַלע אויטאָס פון שטאָט און דורכפירן אַ שפּאַציר פון אַלע אַלטע לייט איבער דעם גאַנצן לאַנד. און דאָס איז נישט דער איינציקער איינפאַל זיינער. ער האָט זיי אַ סך.

אָבער מיינט נישט, אַז אבאַ חושי האָט בלויז איינפאַלן. ער איז אַ בריהשער אַדמיניסטראַטאָר און מ׳קען זאָגן וועגן אים, אַז ער האָט אַן אייזערנע האַנט און אַ מילדע.

די מוניציפּאַליטעט, וואָס הייסט אין העברעיש „עיריה״, האָט אַ שיינע און מאָדערנע געביידע. און עס הערשט דאָרט רו, אָרדענונג און דיסציפּלין. דאַכט זיך אַלע אָנגעשטעלטע (פּקידים) און דער אָדון בפקדך אַליין זיינען יידן און עס הערשט אַ מחיהדיקע שטילקייט. נישטאָ קיין ווילדער הו־האַ און קיין טומל.

מיר פילן זיך היימיש ביים אָנקומען אין דער חיפהר עיריה, ווו אבאַ חושי אַליין דאַרף אונדז אויפנעמען. און תקיף פילן מיר זיך אויך. באַזונדער פילט זיך תקיף אייזיק פּורמאַן. אַרגענטינע געפינט זיך דאָך אין די בעסטע באַציונגען מיט ישראל. ביי די פאַרשידנסטע מסיבות ווערן דער־מאָנט אין איין אָטעם די נעמען פון ד״ר הערצל און סאַן מאַרטין, די צוויי באַפרייער פוןביידע לענדער. איך האָב דעם איינ־דרוק, אַז די פּרינציפּן פון דער הסתדרות זיינען נאָענט צו די פּרינ־ציפּן פון דער אַרגענטינער קאָנפעדעראַציע פון די סינדיקאַטן, וואָס הייסט „סעכעטע״. פּורמאַן האָט אָנטייל גענומען אין אַרגענטינער צ״ק פון פאַרייניקטן קאַמפּיין און ער איז אַ גאַנץ מילדער נדבן און איך טראָג אַ פאָטאָגראַפישן אַפּאַראַט און אַ בוך, וואָס איך שרייב. דאָס ביסל האָר, וואָס איך האָב נאָך, איז צעוואָרפן און צעשויבערט און איך מאַך דעם איינדרוק פון אַ זשורנאַליסט און ווען מיר מעלדן זיך צו דער סימפּאַטישער סעקרעטאַרשע פון ראש העיר, ווערן מיר גיך אויפ־גענומען.

אבאַ חושי איז אַ שיינער, שוואַרצהנוודיקער ייד מיט אַ פּאָר גע־זונטע פּלייצעס, באַשיידן געקליידט, ווי געווינלעך אין ישראל. ער האָט אונדז דערלאַנגט אַ האַנט, איז געווען וואָס צו פילן. ער איז אַ זיידע, אַוודאי אַ בן חמישים, אָבער ער זעט אויס יונג. ער האָט אָנטייל גע־נומען אין באַפרייונגס-קאַמף און איז אויך געווען פאַרוווּנדעט. ער גייט אָן אַ רעקל, מיט אַן אָפענעם קאָלנער. ער איז אינטענדענט איבער אַ שטאָט פון אַריבער הונדערט טויזנט איינוווינער און ער האַלט דאָס האַרץ אָפן, ווי די ברוסט. ער קען גאַנץ גוט אונדזער ישוב און ער ווייסט, אַז מיר פאַרנעמען אַ שיין פּלאַץ אין יידישן לעבן פון דער וועלט. און איידער וואָס ווען, האָט ער ביי אונדז געפרעגט פאַרוואָס אַרגענ־טינער יידן ברענגען נישט אַהין אַביסל קאַפּיטאַל. און מיין חבר פּור־מאַן, אַ בוענאָס איירעסער רויכוואַרגער, אַ „פּעלעטעראָ", ווי מען זאָגט ביי אונדז, וועלכער איז שטענדיק אַ שווייגנדיקער, איז פּלוצים אַרויס מיט לשון און ער האָט געענטפערט: „ווי אַזוי ווילט איר, אַז מיר זאָלן דאָס טאָן, אַז איר מאַכט אונדז שוועריקייטן?" און ער האָט אַוועקגע־לייגט אַ גאַנצן מענה-לשון וועגן דעוויזן, פינאַנצן, עקספּאָרט, אימ־פּאָרט, ענינים אין וועלכע איך בין אַ קליינער בקי. אבאַ חושי האָט זיך נישט געלאָזט און ער האָט דערוויזן, אַז נישט נאָר פּאָר אידעאַל, נאָר פּאָר געשעפט לוינט אַריינלייגן געלט אין אַזאַ שטאָט ווי חיפה, וואָס האָט די גרעסטע צוקונפט פון אַלע שטעט אין ישראל. פּורמאַן האָט זיך נישט געלאָזט און געמאָנט מילדערע קאָנדיציעס.

אבאַ חושי האָט געהייסן לאָזן גריסן אַרגענטינער יידן, זיינע לאַנדסלייט די גאַליציאַנער אויך. ער האָט אָנגעוויזן אויף אינדוסטריעס, וואָס מ'קען בויען אין חיפה און האָבן ריווח. און דעם קאַפּיטאַל וואָלט מען מיט דער צייט געקענט ביסלעכווייז אַרויסנעמען. און פּלוצים האָט ער אַ זאָג געטאָן: „איר הערט מיין עצה? קלייבט אויס עטלעכע רייכע יידן און בויט אויס אַ באָד אין חיפה. אַ ריכטיקע באָד, מיט אַלע באַ־קוועמלעכקייטן און מיט טערקישע שוויצן..." און ער האָט אונדז גע־געבן צו פילן, אַז די לאַגע איז נישט אַזוי שלעכט, ווי רכילות-טרייבער דערציילן און ער זאָרגט פאַר די באַקוועמלעכקייט פון דער שיינער שטאָט, וווּ ער איז בירגערמייסטער. מיר האָבן זיך געזעגנט האַרציק מיט אים און מיר האָבן אויסגעדריקט די האָפענונג, אַז חיפה וועט אינגיכן האָבן אַזאַ באָד, ווי ער פאַרשטייט און אַרגענטינער יידן וועלן האָבן אַ חלק אין דעם.

איידער מיר האָבן פאַרלאָזט דעם אינטערעסאַנטן בירגערמייסטער



אבאָ חושי — דער ראש העיר (בירגערמייסטער) פון חיפה

פון חיפה, וואָס איז דער פּאָפּולערסטער צווישן אַלע ראשי העיר אין ישראל, האָט ער מיר אַריינגעשריבן אין אַלבום אַריין אָט־אָ די ווערטער:

„נעים לי מאוד להעיר הערה אחת לאחיו של ידידי הטוב תמיר מירסקי: היידש מטעים — אַ געשמאַקער, ריינער יידיש — ששמעתי מפיו נעים לי מאוד. טוב לדעת כי במרחקים קיים ישוב יהודי גדול ונאמן לישראל. ואני משתמש בהזדמנות זו, כדי למסור שלום וברכה ליהודי בואינוס אירס בארגנטינה, ביחוד לחברי בתנועת א״י העובדת מהעיר הטובה והיפה ביותר בישראל. חיפה, חול המועד סוכות, תשי״ג. אבאָ חושי, ראש העיר.״

אויף יידיש הייסט עס: „מיר איז אָנגענעם צו מאַכן איין באַמערקונג דעם ברודער פון מיין פריינט תמיר־מירסקי. דער באַטעמ׳טער יידיש, אַ געשמאַקער ריינער יידיש — וואָס איך האָב געהערט פון זיין מויל, איז מיר געווען זייער אָנגענעם. עס איז גוט צו וויסן, אַז ערגעץ אין די מרחקים איז פאַראַן אַ גרויסער יידישער ישוב וואָס איז געטריי צו ישראל. און איך נוץ אויס אָט די געלעגנהייט און איך שיק צו די יידן פון בוענאָס איירעס און אַרגענטינע און באַזונדער צו מיינע חברים אין דער באַוועגונג פאַר דעם אַרבעטנדיקן ארץ ישראל אַ גרוס און אַ ברכה פון דער גוטער און שענסטער שטאָט אין ישראל. אבאָ חושי — בירגערמייסטער.״

מיר זיינען אַוועקגעגאַנגען באַגייסטערטע און צעחושטע. איך וואָלט געזאָגט, אַז אבאָ חושי האָט אונדז צעחושט. אַ יידישער בירגערמייסטער פון אַ גרויסער יידישער שטאָט אין מדינת ישראל נעמט אויף צוויי אַרגענטינער יידן ממש ווי אייגענע ברידער. אַלץ איז אַזוי פּשוט און אַזוי איבעראַשנדיק! משיחס צייטן...

שוין צייט צו באַשרייבן אַביסל מיין מישפחה. איך האָב פריער אַביסל דערציילט וועגן דעם, וואָס איך האָב געזען אין לאַנד, כאָטש פאַר אַלעמען האָב איך זיך דאָך, ווי איר פאַרשטייט אַליין, געטראָפן מיט דער פאַמיליע. איך האָב באַשלאָסן, אַז ירושלים און גבת (וואָס האָט פאַר מיר ווי אַ פינסקער, אַ באַזונדער באַדייטונג) דאַרפן קומען ביים באַשרייבן אויף דעם ערשטן פּלאַן.

אָבער פונקט ווי איך וועל אַ גאַנץ לעבן געדענקען מיין באַזוך אין ירושלים, אַזוי וועל איך אַ גאַנץ לעבן געדענקען דעם טאָג פון פינפטן סעפּטעמבער 1952, ווען מיר זיינען פון חיפהר פאַרט געפאָרן צו מיין שוועסטער אין שכּוּב אַריין, וואָס געפינט זיך אויף דער בצלאל גאַס נומער צען.

אַ צוואַנציק מענטשן זיינען מיר דאָרטן געזעסן ביי אַ געדעקטן טיש. דאָרט זיינען געווען מיינע ברידער, שוועסטער, שוועגערינס, שוואָגער, פּלימעניקעס און פּלימעניצעס און פורמאַנס מישפּחה, וועל־כע איז דאָך אויך געקומען אים אָפּוואַרטן ביים פאַרט. מיר האָבן זיך נישט געזען 29 יאָר, און דאָך האָבן מיר נישט אָנגעהויבן מיט שטעלן פראַגן. מיר האָבן אויך זיך נישט צוגעכאַפּט צום בראָנפן, וויין און צו־ביים, וואָס זיינען געשטאַנען אויף דעם טיש. מיר זיינען באַלד צוגע־טראָטן צום עיקר. און ווייסט איר, וואָס אונדזער עיקר איז געווען? אַ ניגון האָט אַרויסגעשפּראָצט פון אַלעמענס הערצער און העלדזער. מיר האָבן געזונגען „הנה מה טוב ומה נעים שבת אחים גם יחד״ — ווי גוט און אנגענעם עס איז דאָס זיצן פון ברידער אינײנעם. דאָס איז ארץ ישראל! אין די פריילעכסטע און אין די קריטישסטע מאָמענטן זינגט מען. בייטאָג זינגט מען און ביינאַכט זינגט מען.

איך האָב געטראָפן אַ וואַזשנע מישפּחה. נישטאָ הלילה מיט וועמען זיך צו שעמען. אַלע פאַרנעמען גאַנץ אָנגעזעענע מעמדים אין דער רעגירונג און זיי שטייען אויף אַ פיינער מדרגה אין קולטור און דער־ציונג. און צוקוקנדיק צו די דריי ברידער, האָב איך זיך געגעבן חשבון, וואָס פאַר אַ צנועה אונדזער מוטער איז געווען. מיר זיינען ענלעך איינער צום צווייטן נישט נאָר פיזיאָנאָמיש, נאָר אויך אין כאַראַקטער. די זעלביקע קעפּ, די זעלביקע טרוקס, דער זעלביקער הומאָר. און קיי־

נער איז נישט פאַרבליבן קיין גראָבער יונג. דעם טאַטנס פּראַצע איז נישט געווען אַרויסגעוואָרפן. אַ שאָד, וואָס ער האָט נישט זוכה געווען צו קלייבן נחת פון זיינע בנים און זיין בת.

מיין שוועסטער דבורה געפינט זיך שוין קאַרגע צוואַנציק יאָר אין לאַנד. זי איז דאָס, וואָס הייסט ביי אונדז שול-אינספּעקטאָרשע. זי



דעם מחברס נאָענטע אין ישראל

פון רעכטס צו לינקס: יהודה גדי (שוואָגער), דבורה (שוועסטער), דוב און נחמן (ברידער)

נעמט אַלץ אין לעבן שטאַרק ערנסט און אַזוי איז זי אויך אין איר פּראָפעסיע. זי איז געבילדעט, זינגט זייער שיין און עס ציט זי צו הויכער געזעלשאַפט. ביי איר איז אַ פּיאַנאָ פאַר דער טאָכטער וויכטיקער ווי אַ באַקוועמע שטוב און אַ פרידזשידער. און דער, וואָס דענקט נישט ווי זי, איז פאַר איר פּשוט אַ בהמה. דערפאַר אָבער איז איר מאַן דווקא אַ פּשוטער און האַרציקער בחור און אַ זייער פאָלקסטימלעכער. ער קען, וואָס איר ווילט נאָר. פון פאַריכטן אַ מאָטאָר און אַ האַנט-זייגערל און דערקלערן אַ קאַפּיטל תנ״ך, ביז קאָכן און וואַשן געשיר. און

מיינט נישט, אַז אין אַ דיסקוסיע בלייבט ער הינטערשטעליק. אָבער מיין שוועסטער איז אין כאַראַקטער דער היפוך פון אים — איר ציט צו דער גייסטיקער אַריסטאָקראַטיע און אים — צום פאָלק. און ווען איך האָב מיין שוועסטער אַ פרעג געטאָן: „טאָכטער, זייט ווען ביסטו אַזאַ אַריסטאָקראַטקע?", האָט זי מיר געענטפערט:

— גיי אַוועק, דו ווייסט דען ווער אונדזער טאַטע איז געווען?



בחמן און דוב מירסקי, די ברידער פון מחבר, האָבן אַזוי־אַ געבויט דאָס לאַנד.

און זי האָט מיר גענומען אויסרעכענען זיין יחוס. איך האָב גע־האַט באַשלאָסן אַז באַלד ווי איך וועל צוריקקומען קיין בוענאָס איי־רעס, וועל איך שיקן מיין ווייב צו מיין שוועסטער, אַז זי זאָל זיך דער־וויסן וועגן אונדזער יחוס, אפשר וועט זי קריגן מער רעספּעקט פאַר מיר.

וועגן מיין ברודער תמיר, דאַרף איך קיין סך נישט דערציילן. אים קען מען אין ישראל און אין אַרגענטינע. און איצטער קען מען אים

שוין אויך אין די פּאַרייניקטע שטאַטן פון צפון־אַמעריקע. ער איז או־מעטום באַקאַנט און אומעטום באַליבט און עס איז פאַראַן וועמען ליב צו האָבן. ער קען זייער אַ סך. ער איז געבילדעט, קען רעדן, שרייבן און אַפילו וויצן דערציילן קען ער אויך. און אַ חוץ דעם שפּילט ער צו אַביסל טעאַטער פאַר זיין ווייב. אין ארץ ישראל איז אַ מינהג — און די אַרגענטינער מענער מעגן דאָס וויסן — אַז די מענער העלפן צו די ווייבער ביי דער שטוב־אַרבעט. אָבער מיין ברודער געפינט שטענ־דיק אַ מיטל זיך צו אויסדרייען פון אַט דער אַרבעט. עס פּאַסירט מיט אים תמיד עפּעס באַלד נאָך דעם עסן. אָדער ער דערציילט, אַז ער איז אַ גאַנצע נאַכט נישט געשלאָפן, אָדער ער איז געפאַלן און געכאַפּט אַ קלאַפּ. און דאָס ווייב אַליין שאַנעוועט אים אויך, ווייל זי ווייסט, אַז ער קען אין דער זעלביקער צייט ברענגען גרעסערע נוצן דער פּאַרטיי און דעם לאַנד. מען האַלט אים פאַר אַ זייער פעיקן אָרגאַניזאַטאָר.

תמירס שטוב איז אַ בית וועד לתלמידי חכמים און דערפאַר טאַקע בין איך און פורמאַן איינגעשטאַנען ביי אים. מיר האָבן זיך דאָרט גע־טראָפן מיט די אינטערעסאַנטסטע מענטשן און מיר האָבן זיך געפילט ווי אַ פיש אין וואַסער. וואָרום חוץ די גוטע באַקוועמלעכקייטן, וואָס דאָס הויז פאַרמאָגט, איז די שוועגערן אַ גוטע באַלעבאָסטע אַ בריה. זי איז אויך זייער קלוג און עס איז דאָ מיט וועמען צו פאַרברענגען. איך האָב זיך עפּעס געפילט שולדיק קעגן איר. מיר האָט זיך גערדאַכט, אַז איך האָב זי אין אַרגענטינע נישט אָפּגעשאַצט ווי געהעריק.

אַ באַזונדער עקזעמפּליאַר איז דער מיזיניקל אונדזער, מירסקי הקטון, וואָס הייסט באַניע. ער איז אַביסל ווילד, ווייל ער האָט צו־פרי אָנגעהויבן ליידן. ער איז צו־יונג זעלבסטשטענדיק געוואָרן. ער ווייזט זיך כסדר פריי און אָפן, ער האָט זיך נישט ליב צו פוצן און פאַרדעקן. ער וויל קיינעם נישט אָפּנאַרן. ער זעט נישט נאָר די מעלות פון דער מפא״י, נאָר אויך אירע הסרונות, כאָטש ער איז בן־גוריונס אַ גרויסער חסיד. ער פילט זיך באַרעכטיקט צו קריטיקירן. ער זאָגט צו מיר: „איך בין נישט קיין קולטור־טרעגער״, (ווייל מען רופט תמירן „קול־טור־טרעגער״). ער איז געווען אַ סאָלדאַט. ער האָט פערטהאַלבן יאָר געקעמפט מיט די ענגלענדער און דערנאָך האָט ער געקעמפט קעגן די אַראַבער בעת דער באַפרייונג. ער ווייזט מיר פאָטאָגראַפיעס ווי אַ סאָלדאַט און מיט אַלע געווערן. ער ווייזט מיר אַ פולעמיאָט און ער איראָניזירט דעם רעוואָלווער, וואָס זיין ברודער דער מאַיאָר האָט גע־טראָגן. אַ קוילנוואַרפער שיסט נישט קוים, קוים, ווי אַ פּיסטאַלעטל.



**מפּרי הארץ...**

פינף פּלימעניקעס פון מחבר, אַלע סברא׳ס.

ער הייסט מיר זיך אָפּהאַלטן פֿון „זייערע קליינינקייטן” און ער נעמט מיך אין זיין דזשיפּ און ער פֿירט מיך איבער בערג און טאָלן. ער אַליין אַרבעט אין אַ פֿאַבריק פֿון געווער, אָבער אַהין קען ער מיך נישט פֿירן. זיין פּאַטריאָטיזם איז אַ פּשוטער, נישט קיין ליטעראַרישער. ער זאָגט מיר:



דוב מירסקי מיט דער ביקס
(דער יינגערער ברודער פון מחבר)

— ביי אונדז זיינען נישטאָ קיין לעקציעס, רעפעראַטן, רעדעס, קאָנפערענצן און קאָנגרעסן! ביי אונדז מאַכט מען „סנאַריאַדן"!

און ער ווייזט מיר אַ שטוב, וואָס האָט געהערט צו די אַראַבער,



די היים פון מחבר אין פינסק.
(דאָס אויבן־זיצנדיקע מיידעלע איז פנינה זאַלצמאַן).

בעת דער מילחמה און וועלכע מען האָט אים געשיקט איינגעמען. די שטוב געפינט זיך אויף דעם וועג פון חיפה קיין תל־אביב און געשיקט האָט מען אים זי איינגעמען מיט נאָך דריי יאַטן. און ער דערציילט:

— ווי נאָר איך בין צוגעקומען אַהין, האָט מען אויף מיר געוואָרפן אַ מעסער, אָבער טאַקע אַ שאַרף מעסער. און ס'האָט מיר געמאַכט אַ וווּנד. דאָס מעסער האָב איך ביי זיך און איך וועל דיר דאָס שענקען לזכרון הימים הגדולים.

און יעדער הויז, וואָס מיר פאָרן פאַרביי, האָט זיך זיין ביאָגראַפיע




די גרעסטע פיאַנאָ־קינסטלער פון ישראל — פנינה זאַלצמאַן (שוועסטערקינד פון מחבר) — און איר מאַן יגאל.



יאיר מיטן פידל... וואָס האָט געדאַרפט ווערן אַזאַ גרויסער קינסטלער, ווי זיין שוועסטער פנינה זאַלצמאַן.

און מיין ברודער דערציילט מיר דאָס אַלץ. ער דערציילט פּשוט און מוטיק און ער זאָגט:

— דאָס האָט געקאָסט בלוט, נישט קיין רעדעס!

חוץ די צוויי ברידער און דער שוועסטער און די פינף שיינע פּלימעניקעס און פּלימעניצעס, האָב איך אין ישראל אַ פֿאַרצווייגטע מישפּחה פון שוועסטערקינדער און גליד־געשוועסטערקינדער. צווישן זיי געפינען זיך אַלערליי פּקידים (טשינאָווניקעס). איינער איז אַפילו אַ וויצע־מיניסטער. ער הייסט יוסף אפרתי. ער איז דעם פעטער מאָניעס אַ זון און ער איז אַ וויכטיקע פּערזאָן איך לאַנד. ער איז וויצע־מיניסטער פאַר אַגראַנאָמיע. אין דער היים האָב איך זיך געדרייט אַרום זיין שוועסטער אַנציאַ. נישט באַשערט געווען מיר צו ווערן אַ שוואָגער פון אַ מיניסטער. זיין שוועסטער ווידער האָט זיך געראַטעוועט פון איין פייער און איז פאַרברענט געוואָרן אין אַ צווייטן.

פנינה זאַלצמאַן, לאה׳קע קאַסטיליאַנעצעס טאָכטער, האָב איך אינגאַנצן נישט געקענט. און חוץ שוועסטערקינד זיינען מיר קאָלעגן אויך. זי שפּילט. איך שפּיל קאָרטן און זי — פּיאַנאָ, אָבער מיר שפּילן דאָך פאַרט ביידע. זי האָט גראָד געמאַכט אַ גרעסערע קאַריערע פון מיר. זי האָט געשפּילט אין די גרעסטע שטעט פון אייראָפּע און מיט גרויסע דערפאָלגן. מען זאָגט, אַז זי איז אַ קינסטלערן, וואָס דערנענטערט זיך צו דער מדרגה פון אַ מינוכין, איטורבי, אַרטור רובינשטיין, בראַילאָווסקי, סטראַווינסקי. איך בין נישט קיין ספּעציאַליסט אין דער וועלט פון מוזיק און איך ווייס נישט, צי די אַלע אויסגערעכנטע שטייען אויף אַ העכערער מדרגה ווי ראַול טאַבאַטשניק, סעסיליאַ, מאטא מאַוריסיאַ, נאַטאַן, אַראַן... דאָס איז מיין סימפאָנישער אָרקעסטער מיט וועלכן איך שפּיל קאָרטן. מיר זיינען אַ סיקסטעט און איך שטאָלציר מיט מיינע מיטשפּילער.

עס האָט געקענט זיין נאָך אַ גרויסער טאַלאַנט אין דער מישפּחה — פנינהס ברודער יאִיר, וואָס איז געווען אַ וואונדערלעכער פידלער, אָבער ער איז געפאַלן פאַר דער באַפרייונג פון לאַנד. מען האָט מיר געזאָגט, אַז ער האָט געוואַקסן אַ געניע און ווען איך טראַכט פון אים, דערפיל איך דערהויבונג. באַפרייען דאָס אייגענע לאַנד מיט דעם אייגענעם בלוט איז אפשר די העכסטע מדרגה פון קונסט.

איך וויל דערמאָנען נאָך צוויי גליד־געשוועסטערקינדער, ביי וועמען אין שטוב מען האָט אונדז געמאַכט אַן אויפנאַמע. דאָס זיינען זאב באַרבאַן און דבורה קאַסטעליאַנעץ. ביידע זיינען טאַלאַנטירטע שווי־

שפילער און זיי זיינען צוריק מיט זיבן און צוואנציק יאָר געווען די גרינדער פון „אוהל". באראבאן פירט איצטער אויף אין אוהל „דאָס מיידל און דער נעגער" (הנערה והכושי) און מען זאָגט אויף אים, אַז ער איז אַ גלענצנדיקער רעזשיסאָר.

ערשט ווען איך האָב זיך באַקענט מיט דער גאַנצער מישפּחה און איך האָב זיך דערוווּסט וויפל קינסטלער עס זיינען פאַראַן צווישן אירע מיטגלידער, איז מיר אַנטפּלעקט געוואָרן דער סוד פון מיין אייגענעם טאַלאַנט... אַלע זיינען מיר שוישפּילער, אָבער מיר שפּילן אויף פאַרשידענע בינעס און אויף פאַרשידענע אינסטרומענטן.

שרייבנדיק וועגן אַרטיסטן און מגננים, איז — ברוך הבאָ! גריש־קאָ איז אויך דאָ! איך מיין: אונדזער בן פורת העברי געראַ, וואָס האָט אין אַרגענטינע געהאַט דערפאָלג ווי אַן אינטערנאַציאָנאַלער יידישער זינגער און קיין ישראל איז ער שוין געקומען אויך ווי אַן אַרגענטינער; ער איז אויסגעוואַקסן אין תל־אביב און ער האָט געגעבן אַ קום אַן צו מיר נישט אַליין, נאָר מיט אַ קראַנץ בלומען. און ער איז מיר געפאַלן אויף דעם האַלדז און מיך געקושט און געוויינט. איך האָב אים געוואָלט זאָגן, אַז איך בין ערשט צוויי טעג אין לאַנד און איך האָב נאָך נישט קיין שליטה ביי דער רעגירונג — אין אַרגענטינע האָב איך אים געהאָלפן ווערן אַ בירגער — אָבער ער האָט מיר געענטפערט, אַז דאָ דאַרף ער קיין פּראָטעקציע נישט. דאָ איז ער אַ ייד גלייך מיט אַלע. ער איז נאָר געקומען מיר זאָגן ברוך הבאָ און מיר אויסדריקן זיין דאַנקבאַרקייט פאַר דעם, וואָס איך האָב פאַר אים געטאָן אין אַרגענטינע. און אין איין וועג האָט ער געזאָגט, אַז איך מוז מיט אים פאָרן קיין רחובות, ווו ער האָט היינט אַ קאָנצערט. ער האָט געוואָלט, אַז איך זאָל זען ווי מען נעמט אויף געראַן אין ישראל. און אין אַ גרויסן טעאַטער, נישט אין קיין באַר, ווי ביי ליאָוואַן אין „אינטערנאַציאָנאַל", ווו ער פלעג אין מיטן אַן ערנסטער רעציטאַציע פון פרצן דערהערן פון אַ קעלנער „פּאָ־זשאָ פאַראַ סעים" — עוף פאַר זעקס. דער זעלביקער געראַ.

ביי מיין ברודער אין שטוב איז ער נישט קיין פנים חדשות. און איך בין צופרידן, וואָס ביי אַלע מירסקים איז פאַראַן אַ וואַרעמע היים פאַר קינסטלער און באַהעמען. און כאָטש ער קושט זיך מיט מיין שוועגערן, קריגט ער זיך אָבער מיט איר מאַן, דעם קולטור־לייטער, וועמען עס געפעלט נישט זיין רעפּערטואַר. צו אים אַליין האָט ער גאָרנישט, אָבער זיין רעפּערטואַר קען ער נישט פאַרטראָגן.

און מיר האָבן קיין ברירה נישט. מיר פאָרן קיין רחובות צום קאָנ־צערט. דער סאַלאָן איז פול געפּאַקט, כאָטש עס איז שרעקלעך היים. ער טרעט אויף מיט זיין טראַדיציאָנעלן שלום־עליכם, וואָס אַן אָר־קעסטער פון צען מאַן אַקאָמפּאַנירט אים און ביים פאַרענדיקן שטור־רעמען די אַפּלאָדיסמענטן. אפשר זינגט ער דאָ טאַקע בעסער. ווער זאָגט עס, אַז אין ישראל איז פאַראַן באַגרעניצונגען פאַר יידיש טעאַ־

טער? געראַ אַליין פילט אויס אַ פּראָגראַם פון צוויי מיט אַ האַלבן שעה. ער זינגט העברעיש, ענגליש און אַפילו שפּאַניש. ער זינגט „בועַ־נאָס איירעס מי טיעראַ קערידאַ”, אָבער צום מייִנסטן זינגט ער יידיש. איך האָב אים דערנאָך געהערט אין חיפה און אין אַנדערע שטעט. אומעטום זייִנען די גרויסע טעאַטערס געווען פול. ער זאָגט מיר, אַז נאָך קאַרטאָפל מיט הערינג ביי מיר אין שטוב, בענקט ער. אין דריי טעג אַרום האָט געראַ געגעבן אַ קאָנצערט אין חיפה און נאָך דעם קאָנצערט האָט מען געגעסן הערינג מיט קאַרטאָפל ביי מיין שוועסטער, דער גייסטיקער אַריסטאָקראַטקע אין שטוב. און מען האָט געזונגען „דער גרויסער נס”, וואָס איך האָב באַצייטנס איינגעשטודירט מיט מיין פּלימעניצע יעל. אַ יידיש ליד און הערינג מיט קאַרטאָפל זייִנען נאָך עד היום וויכטיקע אינסטיטוציעס סיי אין גלות און סיי אין מדינת ישראל.



דער זינגער הענרי געראָ מיט דעם קאָמענדאַנט פון תל־אביב א. זהר (אויף אַ קאָנצערט פון זינגער פאַר די חיילים).

גערא האט מיך געמאכט פאר א שטיקל תושב אין תל־אביבער קאפע פון די באהעמען, וואס הייסט „כסית" — דאס זאל מיינען א קליינע כוסה — און וואס איז אייגנטלעך א קיבעצארניע פאר קינסט־לער פון אלע מינים. ווען מיר זיינען צום ערשטן מאל אנגעקומען אין אט דעם קאפע, זיינען דארט אלע טישלעך געווען באזעצט מיט סאמע בארימטע מענטשן. גערא האט זיי אלע געקענט און ער האט מיך פאר זיי פארגעשטעלט מיט אט די ווערטער:

— מיין גרויסער פריינד מירסקי פון בוענאס־איירעס.

מען ווערט נישט איבערראשט דארטן, ווען מען הערט, אז מען קומט אזש פון בוענאס־איירעס. מען קומט אהין פון ווייטערע לענ־דער. די וועלט איז היינט קליין.

איך האב זיך אין „כסית" באקענט מיט דעם בארימטן „הבימה"־שוישפילער יהושע בערטאנאוו, וועלכער שפילט טעאטער אזויפיל וויפל איך בין אלט. איך האב זיך דארט באקענט מיט דעם שוישפילער יעקב כנעני, וואס שפילט די הויפטראליע אין „דאס מיידל און דער נעגער". און אט איז די שוישפילערן טובה פרדי, וואס שפילט די פראס־טיטוטקע אין דער זעלביקער פיעסע. אין יידישן טעאטער זעט מען שוין זעלטן אז אזא יונגע שוישפילערן זאל שפילן א זונה. און אט זיצט יגאל מאסינזאן, דער מחבר פון דער פיעסע „בערבות הנגב" — א הוי־כער, א שלאנקער און אן אנגעשטרענגטער. ער זעט דאס גאנצע לעבן גרוי און דראמאטיש.

די אויגן ווערן מיד צו קוקן, די אויערן — מיד צו הערן. אט זיצט אהרון שמיר — נישט פארבייטן אויף דעם ראמאניסט משה שמיר — א טעאטער־קריטיקער, וואס געפינט זיך שטענדיק הינטער די קוליסן. און אט איז איינער מיט באקנבערד, וואס דערמאנט אביסל אין פוש־קינען. ער דארף זיין א פאעט. און ער איז דאס טאקע. דאס איז דער דיכטער שלאנסקי, וואס איז דער קולטור־לייטער פון מפ"ם.

— אט דעם מעגסטו הערן זינגען, דאס איז ווילקאמירסקי.

— צו וואס דארפסטו נאך דעם „ווילקא" — מירסקי אליין איז ווייניק? דו ווייסט נישט, אז אלע גרויסע מענטשן הייסן מירסקי?

— וואָס איז דער חילוק ווי אַזוי ער הייסט? זינגען זינגט ער, גלייך ער וואָלט געהאַט אַ פּליִיט אין האַלדז. ווער עס וועט אים אַראָפּ־ברענגען קיין אַרגענטינע, וועט ביי אים מאַכן אַ פאַרמעגן.

און אָט איז אַ קליינער, רירעוודיקער, זשוואווער, אויסדרוקפולער מענטשל. דאָס איז דער שוישפּילער מאיר מרגלית (לייען: מארגאליט). איינער פון די סאַמע באַליבטסטע שוישפּילער אין גאַנץ ישראל. מיר האָבן אים גראָד נעכטן געזען שפּילן אין טעאַטער „אוהל" די פּיעסע „החייל האמיץ שווייק" — „דער בראַווער סאָלדאַט שווייק". די פּיעסע איז געגאַנגען צום 500סטן מאָל און אַלע בילעטן זיינען געווען אויס־פאַרקויפט. מיר זיינען געגאַנגען נאָך דער פאָרשטעלונג אים באַגריסן און כאָטש איך בין קיינמאָל קיין טעאַטער־אונטערנעמער נישט גע־ווען, האָב איך אים געזאָגט, אַז ער דאַרף נעמען און איבערזעצן די פּיעסע אויף יידיש און גלייך קומען צו פאָרן קיין אַרגענטינע. און פור־מאַן האָט באַלד דערקלערט, אַז ער איז גרייט צו פינאַנסירן די גאַנצע אונטערנעמונג.

אַקטיאָרן הייבן מיך אָן אַרומרינגלען. זיי ווילן ביי מיר אַ גרוס וועגן דעם יידישן טעאַטער אין ב.־איירעס. איך קלייב נחת פון דער חברה. זיי פון מיין גרוס קלייבן וויייניקער נחת. איך דערצייל זיי, אַז די יידישע שוישפּילער מוטשען זיך אין ב. איירעס. ווער עס דאַרף צו־קנעלן, ווער עס דאַרף אונטערהאַנדלען מיט זייגערלעך. מען פרעגט זיך אַ סך נאָך אויף איריסן און די שטראַמערס. מען פרעגט אויך אויף פעלד־בוים, הירשפעלד, די ראַפּעלס. מען פרעגט אויף די שוועסטער מרים און שפרה לערער, אויף שטרייטמאַנען. איך דערצייל זיי, אַז אייניקע שוישפּילער מוזן נאָך פערציק יאָר שפּילן טעאַטער בעטן ביי אַ פאַברי־קאַנט פון זיידנס, אַ מענדל אַבזאַץ, אַ מאַקסימאַ קופּערשמידט, אַ שטיקל זיידנס צו גיין פאַרקויפן. דאָס טעאַטער קאָסט טייער, קיין פּיעסן זיינען נישטאָ און עס קלעקט נישט דעם אַקטיאָר צו לעבן אַ גאַנץ יאָר פון אַ האַלב יאָר שפּילן.

געראָ לאָזט מיך איבער מיט די מענער און אַליין קושט ער זיך אַלע מאָל מיט אַן אַנדער פרוי. אַז קיין טעאַטער שפּילט ער נישט. מוז ער אין לעבן דערשפּילן דאָס דאָזיקע, וואָס ער באַווייזט נישט אויף דער בינע. ער וואָלט זייער געוואָלט אונדז נעמען אין אַ קאַבאַ־רעט, אָבער דאָס איז נישט פאַר זיין קעשענע. זאָגט מען דאָך אָבער, אַז גאָט באַשערט דעם שיכור זיין טרינקעכץ און דעם שפּינער זיין שפּינעכץ, קומט אָן אַ ייד פון אונדזערע מקומות. אַמאָל איז ער געװען



די קונסט באַגריסט... דער גרויסער ישראל־זינגער ווילקאָמירסקי באַגריסט דוד בן־גוריון

אַ סופליאַר אין יידישן טעאַטער און היינט איז ער אַ זאָקן־פאַבריקאַנט און אַ ייד אַ גביר. דאָס איז פעליפע גאָלדבערג (לימא, פערו). שלום־עליכם, סעניאָר גאָלדבערג! קאָמאָ עסטאַ אוסטע, דאָן פעליפע? און עס ווערט לעבעדיק. קליענטן זיינען דאָ און אַ צאָלער און דווקא נישט קיין יאָלד איז שוין אויך דאָ, גייט מען! פעליפע צאָלט, ווייל ער האָט ליב שווישפילער, קינסטלער און ער האָט ליב ס׳זאָל זיין פריילעך.

און מיר האָבן פאַרבראַכט די לעצטע אשמורה פון דער נאַכט אין אַ קאַבאַרעט אויף דער גאַס בן יהודה, נומער פינף. איך שרייב אַריין דעם אַדרעס, ווייל טאָמער זיינען פאַראַן יידן אין גלות, וואָס קלייבן זיך צו פאָרן קיין ישראל, זאָלן זיי נישט מיינען, אַז דאָס יונגיטשקע ישראליקל האָט נאָך נישט אַזאַ לוקסוס־לאָקאַל. פאַראַן אין תל־אביב אַ קאַבאַרעט מיט שאַנסאָנעטקעס, וואָס קענען קאָנקורירן מיט זייערע קאָלעגינעס פון אַלע אומות העולם.

מיר זיינען גראָד אָנגעקומען אַביסל שפעטלעך. מען האָט זיך שוין געקליבן צומאַכן די טירן. אָבער גערא איז דאָרטן געווען, ווייזט אויס, נישט צום ערשטן מאָל. מען האָט זיך גאָר דערפרייט מיט אים. און ווען מען האָט דערזען ווילקאָמירסקין און אויסלענדישע געסט דערצו, האָט מען אָנשטאָט צו מאַכן טאָג ווידער געמאַכט נאַכט.

אַהיימגעגאַנגען זיינען מיר נישט פריער ווי מען גייט אין בוענאָס־איירעס אַהיים פון „טאַבאַרים". ביים אַהיימגיין האָט מיר ווילקאָמירסקי געשאָנקען אַ פּלאַט פון זיין אַריע אין „טאָסקאַ" אויף עברית. איך האָב יענע „דיסקאָ" געבראַכט אַהער, בכדי עס זאָלן זי הערן די דאָזיקע „מענעדזשערס", וואָס האָבן דאָ געכאַפּט אַ בראָך מיט איי־ניקע ישראל־זינגער. פאַראַן אויך אַזעלכע, מיט וועלכע מ׳קען האָבן אַ גרויסן דערפאָלג.

אַהיימגעקומען בין איך כלחוך השור, אויב נישט נאָך שפעטער. און איך האָב די גאַנצע צייט געקלערט וועגן דעם, וואָס פאַר אַ תי־רוץ איך זאָל זאָגן מיין ברודער און מיין שוועגערן וועגן מיין „ארומ־שליאָען" זיך אַ גאַנצע נאַכט. דער תירוץ איז געווען אַ פאַרטיקער: איך האָב זיך דאָ גענומען צו אַ ניי פאַך, צו שרייבעריי, נו, דאַרף איך דאָך האָבן שטאָף. פון זיצן אין דער היים, אָדער פון דיסקוטירן נאָר וועגן פּאָליטיק, האָט מען דאָך נישט קיין שטאָף. די מאָרגנשטערן האָבן צוגעבאָמקעט און צוגעזונגען.

זעקס און צוואַנציקסטער קאַפּיטל

# רחוב פּויזנער ל"ז, בית רבקה ואריה לעווין, חיפה ישראל

נעמט אייך אַריין אין קאָפּ אַריין אָט דעם אַדרעס, וואָס איך האָב אייך אָנגעשריבן. אויב איר זענט מוזיקאַליש, מאַכט אייך אַ שטיקל מעלאָדיע צו אים און לערנט אים אויס זינגענדיק, וועט איר אים בעסער געדענקען. איבערהויפּט זאָלט איר דאָס טאָן, אויב איר קלייבט אייך צו פאָרן קיין ישראל און איר האָט נישט קיין קרובים דאָרט. און אויב איר האָט אַפילו יאָ קרובים, געדענקט אויך אָט דעם אַדרעס, ווייל דאָרטן וועט איר אַלץ קריגן די בעסטע קרובים. איך גאַראַנטיר אייך דערפאַר. איך נעם דאָס עלי ועל צוואַרי.

איר טראַכט אייך געוויס, אַז איך גיב אייך דעם אַדרעס פון פּרעזידענט, פּרעמיער, אָדער כאָטש אַ „פּשוטן" מיניסטער. זאָג איך אייך, אַז דאָרט וווינט נישט קיין דעפּוטאַט אַפילו און נישט קיין גענעראַל און נישט קיין יעפרייטאָר אויך נישט. דאָרט וווינט אַ פּראָסטער פּינסקער ייד, פורמאַנס אַ שוועסטערקינד, וואָס האָט עטלעכע און דרייסיק יאָר געהייסן לייבקע רבקהס, אָדער לייבקע ניסלמאַן, און איצטער הייסט ער אריה לעווין. ווי אַזוי פון לייבקע איז געוואָרן אריה, ווייס איך. אַ לייב איז אויף עברית ארי, אָדער אריה, אָבער ווי אַזוי פון זיסעלמאַן איז געוואָרן לעווין — פרעגט מיך עפּעס גרינגערס. איך האָב געהערט נאָר זעכצן קאַפּיטלען פון לייבקעס ביאָגראַפיע. און עס איז דאָ, וואָס צו הערן. ער האָט זיך געראַטעוועט איבער דער גרענעץ קיין ראַטנפאַרבאַנד, אויב מ׳קען דאָס נאָך אַזוי רופן. אייגנטלעך איז דאָס דעמאָלט געווען דאָס רוסלאַנד פון דעם צאַר סטאַלין, וואָס אַלע צאָרן פון די ראָמאַנאָווס זיינען געווען קליינע הינטלעך קעגן אים.

אין פּינסק האָט מען געזאָגט „אַ טייערער יאַט". אָבער מיר דאַכט זיך, אַז דער דאָזיקער, וואָס קען נישט לייבקען, ווייסט נישט, וואָס אַ טייערער יאַט מיינט. צוויי שוואַרצע אויגן, וואָס מאַכן ליכטיק אין האַרצן און אַ שמייכל, וואָס מאַכט גוט אויפן האַרצן. דאָס איז ער. און אַ שטוב האָט ער, אויף אַלע אונדזערע ליבסטע געזאָגט געוואָרן. יעדער מוז זיך פילן גוט אין אָט דער שטוב. און ווייסט איר פאַרוואָס? ווייל מען רעדט דאָרט נישט קיין שלעכטס אויף קיינעם. אויף יעדן געפינט מען אַ זכות. וועגן דעם באַרדיטשעווער רב, דעם גרעסטן אוהב ישראל, דערציילט מען, אַז ער איז אַמאָל געגאַנגען אום שבת און דער-

זען ווי אַ ייד רויכערט, האָט ער אים געפרעגט: „זונעלע, ווייסט נישט, אַז היינט איז שבת?״ האָט ער אים געענטפערט, אַז ער ווייסט. האָט אים דער באַרדיטשעווער ווידער געפרעגט, צי ער ווייסט נישט, אַז אום שבת טאָר מען נישט רויכערן. האָט יענער אים געענטפערט, אַז ער ווייסט יאָ. האָט זיך דער באַרדיטשעווער רב אַ זאָג געטאָן: „זעסט, רבונו של עולם, וואָס פאַר אַ טייערע יידן דו האָסט. ער ווייסט, אַז ס׳איז שבת און ער ווייסט, אַז מען טאָר נישט רויכערן און ער איז לא עלינו מחלל שבת, אָבער קיין ליגן וויל ער נישט זאָגן.״ אַז אַריה לעווין וועט וויסן די גרעסטע פעלערן פון עמיצן, וועט ער פונקט ווי דער באַרדיטשעווער רב זוכן אויף אים אַ זכות. און ער וועט נישט קריטיקירן די רעגירונג און קיינעם נישט. ער וועט אַזוי ווייניק רעדן, אַז איר וועט ביי אים נישט אַרויסקריגן צו וועלכער פּאַרטיי ער איז נאָענט און מיט וועמען ער סימפּאַטיזירט. איך האָב אַפילו נישט געוווּסט פאַר וועמען ער האָט געשטימט ביי די לעצטע וואַלן.

און אַ מכניס־אורח איז לייבקע, נאָר טאַקע ווי אברהם אָבינו. ער האָט פאַר אונדז אויסגעשטעלט אַ טיש מיט כל־טוב — קאָניאַק, ווײַן, ביר, מיץ (אַזאַ זאַפט) און אַפילו וווּרשטלעך. יאָ, אמתע פלײשיקע וווּרשטלעך, נישט ערגער ווי אין „קאָמערסיאַל״. און נאָך דעם, וואָס מיר האָבן זיך מכבד געווען, האָט אַריה פאַרויכערט אַ פּאַפּיראָס און ער האָט אָנגעהויבן רעדן. ער האָט זיך געווענדט צו זיין שוועסטער־קינד אייזיק פורמאַן און ער האָט געזאָגט:

— אייזול, דו שטעלסט זיך נישט פאָר, ווי גליקלעך איך בין, וואָס מיר האָבן איינער דעם אַנדערן אָפּגעזוכט. און מיין נישט, אַז איך פריי זיך, וואָס עס האָט זיך אָפּגעזוכט אַ רייכער קרוב. עס פעלט מיר גאָט צו דאַנקען גאָרנישט. אַלץ, וואָס דו זעסט דאָ, איז אייגנס, די שטוב, דאָס מעבל. אַפילו די ערד, אויף וועלכער די שטוב שטייט, איז מיינע אויף ניין און ניינציק יאָר. הלוואי זאָלן יידן ערגעץ אַנדערש זיין אַזוי זיכער... דו ווייסט? פון אונדזער גאַנצער מישפּחה, וואָס איז געווען אַזוי פאַרצווייגט, איז קיינער נישט געבליבן... ערשט איצטער האָב איך זיך דערוווּסט, אַז דו לעבסט און וועלוול לעבט. און איך פאַרשטיי נישט פאַרוואָס מיר זיינען געווען אַפּיקורסים און מיר האָבן נישט גע־גלויבט, אַז ס׳איז משיחס צייטן...

לייבקע האָט זיך אָפּגעדעכעט. עס האָט זיך גערעדט ביי אים און עס איז אים דאָך געווען שווער. ער האָט געוואָלט וויינען און ער האָט

זיך געוואָלט פֿרייען. און ער האָט ווייטער זיך אָנגענומען מיט אָטעם און מיט מוט און גערעדט. ער האָט געזאָגט:
— וועסט דאָ אָפּזיין אַ שטיקל צייט און דו וועסט זען, וואָס קומט פֿאָר אין לאַנד און דו וועסט זיך דערוויסן, וואָס עס איז פֿאָרגעקומען,



א. פורמאַן און דער מחבר ביי לייבקען אין הויז.

וועסטו זען, אַז עס איז פּונקט אַזוי ווי עס איז געשריבן אין תנ״ך און אין חומש, עס פֿעלט נישט קיין האָר. איך אַליין בין דאָך דאָ אויפֿגע־שטאַנען תחית המתים. איך בין דאָך אַהער געקומען פֿון יענער וועלט. ווו בין איך שוין נישט געווען? ביי די גדולים און ביי די קטנים. ביי די באָלשעוויקעס, מענשעוויקעס און ביי אַלע זייערע יוצר משרתים. וואָכן און חדשים בין איך אַרומגעגאַנגען הונגעריק און דורשטיק און נאַקעט און באָרוועס. און אפֿשר האָבן מיינע ליידן און די ליידן פֿון די אַלע אַנדערע יידן פֿאַרקירצט דעם גלות און געמאַכט, אַז די גאולה זאָל זיך דערנענטערן און משיח זאָל פֿאַרט קומען. ער איז נישט געקומען אויף קיין ווייסן פֿערד, נאָר מיט אַן אויטאָמאָביל. גאָט זיי דאַנק, וואָס ער האָט זיך נישט געשלעפּט מיט קיין פֿערד, וואָרום עס וואָלט אַזוי

לאַנג געווען געדויערט, אַז מיינע ביינער וואָלטן שוין ערגעץ פאַר־פוילט געוואָרן.

מיר וואָלטן נישט מיד געוואָרן צו הערן לייבקען אַזוי רעדן טעג און נעכט, אָבער געסט האָבן אָנגעהויבן צו קומען. די חבריא איז וואָס אַמאָל געוואָרן גרעסער און גרעסער און מען האָט זיי געדאַרפט אויפֿנעמען. אָבער איינשווייגן געוואָרן איז לייבקע נאָך אַלץ נישט. ער האָט דערציילט עפּיזאָדן און עפּיזאָדן. דאָ אין לאַנד איז אים אויך נישט שטענדיק געווען אַזוי פֿויגלדיק. ער האָט זיך אויך דאָ גענוג אָנגעליטן. אָבער דאָס שלעכטע איז שוין אַוועק. איצטער איז דאָס לאַנד אַלעמענס. וואָס איז דער חילוק ווער און וועמען? רבקה דער קצבטעס זון, צי עמיצער אַנדערש. און ווער עס וועט איצטער אַראָפּקומען אַהער, וואָס פֿאַר אַ ייִד עס זאָל נישט זיין, וועט ער דאָ טרעפֿן ברידער און שוועסטער און אַ היים.

און ערשט דערנאָך האָט אריה אונדז געוויזן דאָס שענסטע און דאָס בעסטע. ער האָט נישט געבעטן קיין דאָלאַרן און קיין פּעקלעך און קיין אַרגענטינער געלט, ער האָט נאָר געוואָלט מיר זאָלן זיך פֿילן גוט. און זיין ווייב האָט דאָס זעלביקע געטאָן, וואָס ער. זיי האָבן אונדז געוואָלט מקרב זיין און זיי האָבן דאָס געטאָן. מיר האָבן אין זיי געפֿילט אַ ברודער און אַ שוועסטער און אַ טאַטע און אַ מאַמע. און זיי האָבן אונדז געהאַלטן אין איין זאָגן, אַז וואָס פֿאַר אַ ייִד עס וועט נישט קומען פֿון אַרגענטינע קיין ישראל, זאָל קומען צו זיי. און דאָס זיינען נישט בלויז ווערטער. דאָס איז דער אמת אַליין. און אָט דערפֿאַר האָב איך אַזוי שטאַרק פֿאַרשריבן זייער אַדרעס: רחוב פוזנר ל"ז, בית רבקה ואריה לוין, חיפה, ישראל. דאָרט וווינט יעדן ייִדנס אַ ברודער. עס וואָלטן געדאַרפֿט זיין אַ סך אַזעלכע ייִדן אין ישראל. און עס זיינען מסתמא דאָ... לא אלמן ישראל!

חשובע לייענער: איך בין זיכער אַז עמעצן פון אייך וועט איינפאַלן זאָגן, וועמען גייט דאָס אָן דעם מחברס משפחה, קרובים, גוטע ברידער, און די אַלע וויזיטן, וואָס ער האָט געמאַכט אין ישראל. איז ראשית, זייט וויסן, קינדערלעך, אַז דאָס בוך וואָס איך האָב אָנגעשריבן איז נישט קיין ליטעראַריש ווערק, דאָס איז כמו אַ טאָג-בוך. און געשריבן האָב איך אים, זייט מוחל, נישט פאַר אייך נאָר פאַר מיר אַליין. און ווי עס זאָל ניט זיין, וועט דאָס אייך נוצן ברענגען. ווייל, פריער אָדער שפּעטער, וועט איר אַמאָל זיין אין ישראל און טאַקע דורך דעם בוך וועט איר שוין האָבן אַביסל היימישע מענטשן. מסתם הערט איר דאָך אַמאָל אין ראַדיאָ, ווען אַ פאַבריקאַנט אָדער געשעפטסמאַן לייגט פאָר זיין סחורה, גיט ער אייך אָן אין נדן. „ווער עס וועט אָנרופן דעם אַנאָנס, וועט קריגן 10 פּראָצענט אַ הנחה”. איך קען אייך פאַרזיכערן אַז אין פאַל איר וועט אָנרופן מיין נאָמען ביי וועלכן נישט איז פריינד, וואָס וועט דאָ דערמאָנט ווערן, וועט איר האָבן מער ווי 10 פּראָצענט הנחה. און די אַלע מענטשן וועלן אייך גוט צו נוץ קומען. ערשטנס זיינען זיי טייערע האַרציקע יידן, תושבים פון אַ סך יאָרן אין לאַנד. און חוץ זייער שאָדן אויף אונדז אַלעמען געזאָגט געוואָרן. און צווייטנס, מיינע טייערע לייענער, זיינען מיר, דאָס הייסט איך און ר' אייזיק פורמאַן, געווען ביי די אַלע יידן אויף כיבוד: לעקעך און בראָנפן, מיטאָגן, וועטשערעס וכדומה, איז מיט וואָס באַדאַנקט מען זיי? איז אַלזאָ לאָמיר זיך פאַרנעמען אַ פאָר שעה צייט מיט זיי. איך וועל זיי באַשרייבן און איר וועט דאָס איבערלייענען. איך וועל אָנהייבן מיט אַ סדר, לויט ווי איך האָב זיך מיט זיי געטראָפן.

מיין ערשטע באַגעגעניש אין איינע פון די גאַסן אין חיפה איז געווען אַ ייד, וואָס הייסט פרידמאַן-לוואָוו, איז אייגנטלעך מה רעש? און וואָס האָט דאָס צו טאָן אַזוי גוט מיט מיר ווי מיט אייך? אַ פּשוטער ייד מיט אַ צעשויבערטן קאָפּ האָר, פּראָסט געקליידעט, און איך בין זיכער, אַז אין ישראל זיינען דאָ טויזנטער יידן אַזעלכע. אָבער איין וואָרט פון מיין ברודער האָט מיך געמאַכט נייגעריק און איר וועט אויך ווערן נייגעריק, ווען איר וועט דאָס הערן. „שלום, תמיר”

(איך בין געגאַנגען באַקוקן די שטאָט מיט מיין ברודער) אָ, שלום שלום, פרידמאַן-לוואָוו, מה שלומך? איך וועל אייך באַקענען מיט מיין ברודער פון אַרגענטינע. בשעת-מעשה האָב איך ביי זיך אַ קלער געטאָן: אויב מיר וועלן דאַרפן זיך אָפּשטעלן מיט אַלע יידן, וואָס באַגריסן זיך מיט מיין ברודער, וועל איך דאַרפן פאַרלענגערן די שיפס-קאַרטן אויף צוויי יאָר שפּעטער, בעת מיר קענען דאָ זיין נישט מער ווי צוויי חדשים. אָבער ווען מיין ברודער האָט נאָך די צוויי ווערטער אַ זאָג געטאָן: בן-גוריונס אַ שוואָגער, איז מיר געוואָרן טשיקאַווע דער ענין, ווייל לויט דרך-הכלל און לויט ווי עס פירט זיך ביי לייט, וואָלט דער שוואָגער פון פרעמיער מיניסטער געדאַרפט זיין פינאַנץ-מיניסטער, אָדער כאָטש מיניסטער אָן אַ פּאָרטפעל (דאָס הייסט אַ מיניסטער אָן אַ „קאַרטערע”...) האָבן מיר אָבער אַלע אַ טעות. פרידמאַן לוואָוו טראָגט גראַדע יאָ אַ פּאָרטפעל, אָבער ניט פון מלוכה-זאַכן, ער טראָגט אַ פּאָרטפעל מיט נאָטן. ער איז אַ זינגער, אַ קאָנצערטיסט. ער האָט אַ קאָנסערוואַטאָריע, גיט לעקציעס פון מוזיק, און מסתם האָט ער נאָך אַ פאַך אויך... ווייל פון עפּעס דאַרף מען דאָך מאַכן אַ לעבן.

דערהערנדיק אַז איך קום פון אַרגענטינע האָט דער מאַעסטראָ זיך אָנגעטשעפּעט אין אונדז, אַז מיר מוזן אַריינגיין צו אים אין שטוב אויף אַ וויזיט און טאַקע אויפן אָרט, און ווי אַזוי קען מען אָפּזאָגן אַ יידן, וואָס ער איז אי אַ קינסטלער, אי בן-גוריונס אַ שוואָגער? און איך בין דערצו נאָך בן-גוריונס אַ חסיד. און איך האָב אויך ליב מוזיק, כאָטש איך פאַרשטיי זי נישט קיין סך. איך האָב ליב די אַלע, וואָס גיבן אַרויס די נגינה, געוויינטלעך אויב זיי זיינען זינגערנס זיינען זיי מיר גאָר ליב... אָבער אַ גוטן מנגן האָב איך אויך ליב.

היות ווי מיר געפינען זיך נאָענט פון פרידמאַן לוואָווס קאָנסערוואַטאָריע איז — „פּאָיעכאַלי”. אָבער אויף נישט צו פּטרן קיין סך צייט, וועט איר, ביז מיר וועלן צוקומען צו דער קאָנסערוואַטאָריע, דערווייל אויסהערן אַ מעשה שהיה און טאַקע ביי אונדז אין אַרגענטינע.

דאָס איז געווען בימי ממשלת טעניענטע כענעראַל פראַנציסקאָ אוריבורו „זכותו יגן עלינו”. אין 1930טן יאָר האָבן מיר געהאַט פאַר פּרעזידענט אין אַרגענטינע דעם דערמאָנטן גענעראַל. נאָכדעם ווי ער האָט זיך באַפעסטיקט על כסא מלכותו בימים ההם, איז אַראָפּגעקומען אַ דיפּלאָמאַט ממרחקים און, ווי דער שטייגער איז, האָט אים

דער פּרעזידענט אַרומגעפירט ווייזן את כבוד עשרו ותפארת גדולתו. אין אויסערן מיניסטעריום האָט מען אים פאָרגעשטעלט דעם מיניס־טער. זייער אנגענעם, האָט זיך פאָרגעשטעלט דער דאָזיקער מיניס־טער, מיין נאָמען איז דאוויד אוריבורו, אין אַגריקולטור מיניסטער־יום האָט אים באַגריסט אַ מיניסטער וואָס האָט געהייסן כאַסע אַר־ריבורו, דער אינערן מיניסטער האָט זיך פאָרגעשטעלט ראָדאָלפאָ אוריבורו און אַזוי ווייטער און ווייטער. אין דעם לעצטן מיניסטער־יום, וואָס ער האָט באַזוכט, האָט דער גאַסט נישט געוואַרט אַז דער מיניסטער זאָל זיך פאַר אים פאָרשטעלן, נאָר ער איז אַליין צוגע־גאַנגען צום מיניסטער און דערלאַנגענדיק אים די האַנט, האָט ער געזאָגט: זייער אַנגענעם סעניאָר אוריבורו! איר פאַרשטייט שוין גע־ווים אַנטקעגן וואָס איך האָב דאָס אייך דערציילט... ווען איך האָב זיך באַקענט מיט דעם שוואָגער פון פּרעמיער־מיניסטער אין ישראל, האָב איך נישט אַנדערש גערעכנט, אַז אויב ער איז נישט קיין מיניסטער, איז ער ווי ביי אונדז זאָגט מען „פּאַסאַ ראַספּאַנדאָ״... אָבער אַ נעכ־טיקער טאָג. ער איז אפילו נישט קיין דירעקטאָר פון אַן אָפּטיילונג. ער זינגט גאָר אַריעס פון „קאַוואַלעריאַ רוסטיקאַנאַ״. אָבער איך מוז ענדיקן, ווייל אָט קומען מיר אָן.

מיר זיינען אַריין אין אַ געוויינלעכער דירה. די מעבל זייער באַ־שיידענע. קיין שילער זיינען גראַד נישט געווען, אָבער וואָס איך האָב דאָרטן יאָ געזען, איז זייער אַ סך שטייגן מיט פייגל מכל המינים שהוא. די פייגעלעך האָבן אונדז אויפגענומען מיט אַ געזאַנג; ווער ווייסט עס האָט אויסגעלערנט נגינה, ווייס איך נישט... דער בעל־הבית פון שטוב האָט נישט געמאַכט קיין לאַנגע צערעמאָניעס און זיך גלייך געזעצט צום פּיאַנאָ. ער האָט פאַר אונדז געזונגען „דער קרעמער״, „לוי יצחקס קדיש״, און אַן אַריע פון אַן אָפּערע. קיין רעצענזיע קען איך אייך נישט שרייבן וועגן זיין זינגען, ווייל איך בין געווען פאַר־נומען מיט מיינע רעיונות, וועלכע האָבן מיך נישט געלאָזט געבן זיך צוהערן צו זיין געזאַנג. און איר ווייסט וועגן וואָס איך האָב גע־קלערט? קודם וועגן ביזנעס: ווי אַזוי ברענגט מען אַראָפּ פרידמאַן־לוואוון קיין בוענאָס־איירעס? ערשטנס האָט ער אַ שיינע שטימע, איך געדענק נישט צי אַ טענאָר, אַ באָס, אָדער אַ באַריטאָן, און אגב איז דאָס קיין חילוק נישט. מען דאַרף נאָר אַנאָנסירן אויף גרויסע אַפישן: „דער גרויסער זינגער, בן־גוריונס שוואָגער (און ער איז גראַד זייער ענלעך צו בן־גוריונען) און גלייבט מיר, אַז דער לונאַ־פּאַרק

וואָלט געווען צו קליין. און וועגן נאָך אַ זאַך האָב איך געקלערט. מה הבדל יש, צווישן אַנדערע פעלקער און עם ישראל. איין שוואַ־גער איז פּרעמיער און קריגס־מיניסטער, און דער אַנדערער... געלויבט השם יתברך, ער זינגט און מאַכט אַ לעבן.

זיי געגריסט פרידמאַן לוואוו. שלום ולהתראות!

פֿאַרענדיקט מיטן שוואָגער פון פּרעמיער מיניסטער, וועל איך זיך נעמען צו קהל. אָבער איך זאָל אַזוי וויסן פון אַ בייזער וועטשערע, ווי איך ווייס פון וואַנען אָנצוהייבן. דאָס בעסטע וואָלט געווען אָנצוהייבן מיט איינעם, וואָס זיין נאָמען הייבט זיך אָן מיט אַן אלף און גייען לויט דעם אלף־בית. עס וואָלט שוין דערנאָך געגאַנגען „יאַק פּאָ מאַסלו״. ווארום דאָס שרייבן אַליין איז דאָך גאָרנישט. עס איז עפּעס אַ פאַך, וואָס מען דאַרף דאָס אויסלערנען? אָט האָב איך נישט געלערנט און איך שרייב און זאָל איך האָבן אַזויפיל גוטע יאָרן וויפל מענטשן עס קענען ווייניקער פון מיר און זיי שרייבן אויך... איר האָט דאָך געוויס געלייענט ביי שלום עליכמען, ווי ער דערציילט, אַז דער זיידע איז אַמאָל געקומען צו אים צו גאַסט. אַז דער זיידע פון דער יידישער ליטעראַטור איז געווען מענדעלע מוכר ספרים, ווייסט איר מיסתמא. האָט מיין קאָלעגע שלום עליכם געוואָלט הערן דעם זיידנס אַ מיינונג וועגן זיינער אַ זאַך. אַ קלייניקייט, מענדעלעס אַ מיינונג. און ער האָט אים איבערגעלייענט אַ מעשה. האָט דער זיידע אויסגעהערט און דערנאָך האָט ער געפרעגט ביים איינעקל, צי ער האָט עפּעס צוגעשטעלט קאָכן. האָט שלום עליכם געמיינט, אַז דער זיידע וויל עפּעס עסן און ער איז געווען גרייט אים מכבד צו זיין, אָבער יענער האָט גאָר געמיינט, אַז מען דאַרף די אָנגעשריבענע מעשה וואַרפן אין פייער אַריין. הייסט, אַז מען האָט דאָס געקענט זאָגן שלום עליכמען, וועט איר דאָך נישט פאַרלאַנגען, אַז איך זאָל שרייבן בעסער פון אים. פאַר דעם פייער קען איך אויך ברוך השם שרייבן. דער עיקר איז ביי מיר דאָס אָנהייבן. האָב איך אָבער נישט קיין איינעם, וואָס זיין נאָמען זאָל זיך אָנהייבן מיט אַן אלף. אַלעמענס נעמען הייבן זיך אָן מיט אַ למד, אַ מ׳ם, אָדער גאָר אַ שין.

ווען איך וואָלט שכל געהאַט און געווען געפרעגט ביי אַלע באַקאַנטע, ווער פון זיי איז אַ כוהן, ווער אַ לוי און ווער אַ ישראל, וואָלט איך זיי אויפגערופן אַלציינס ווי צו דער תורה להבדיל. און איך קען זיך אפילו נישט דערמאָנען אין וועלכער שטוב מען האָט געגעבן

מער כּיבּוד. און איר ווייסט וואָס איך האָב באַשלאָסן? איך וועל זיי אויפֿרופֿן, אַזוי ווי מען האָט מיך יינגלווייז אויפֿגערופֿן אום שׂמחת־תּורה — עם כּל הנערים. אַלע מיט איין קנאַק. און איך בין דאָך, ווי איר ווייסט שוין, אַ כּוהן. ביי באַשרייבן איז נישטאָ קיין מוקדם ומאוחר. איז יעמוד...

פֿורמאַנס מחותּן, לעאָן בראַנזוויי ורעיתו. אַ טייער פּאָרפֿאָלק! מען דאַרף אַ גרויסן מאַטעמאַטיקער צו באַרעכענען וויפֿל פֿלעשלעך מיט מיץ מיר האָבן ביי זיי אויסגעטרונקען. מיר האָבן געטרונקען בעת די וועטשערעס און ווען עס האָט זיך געלאָזט. און וויפֿל מיר האָבן אויפֿגעגעסן ביי זיי. אָבער שולדיק זיינען זיי. ווער האָט זיי געהייסן זיך באַזעצן אין סאַמע צענטער? זיי וווינען אויף דיזנגאָף 139 און דאָס איז אַלציינס ווי ביי אונדז קאָריענטעס אין די דריי און צוואָנציק הונדערטער. פֿורמאַנס מחותּן איז ערשט אַ פּאָר יאָר אין ישׂראל און ער קען דאָס לאַנד, גלייך ער וואָלט דאָרט געבוירן גע־וואָרן. אויף טשיקאַוועסט דערמאָן איך זיך, אַז מיר האָבן ערבֿ יום־כּיפּור געוואָלט פֿאָרן צו תּמירן, וווּ מיר זיינען איינגעשטאַנען. מיר האָבן דווקא דאָרט געוואָלט פֿאַרפֿאַסטן. האָבן מיר מורא געהאַט, אַז מיר וועלן נישט קריגן קיין טאַקסי. ישׂראל איז דאָך נישט אַרגענ־טינע. דאָרט איז יום־כּיפּור טאַקע „ומלאכים יחפֿזון וחיל ורעדה יאחזון“. איז באַלד אויסגעוואַקסן אַ טאַקסי, און אַז עס איז געקו־מען צו באַצאָלן, האָט דער שאָפֿער נישט געוואָלט נעמען קיין געלט. פֿאַרוואָס מיינט איר, איז דאָס געשען: ווייל די זון איז פֿאַרגאַנגען, צי ווייל דער מחותּן האָט באַצאָלט? דאַרף מען אַזאַ יידן באַשרייבן?

⁂

בן ציון לוצקי, ווייסט איר ווער דאָס איז? ער איז אַ ייד, וואָס איז צוויי מאָל עולה געווען קיין ישׂראל. איין מאָל פֿון זיין „מולדת“ לולניעץ, אַ שטעטל לעבן פּינסק, און איין מאָל פֿון אַרגענטינע. און מיינט נישט, אַז ער האָט עולה געווען פֿון אַרגענטינע נישט לאַנג. מיט 19 יאָר צוריק האָט ער איבערגעלאָזט דאָס איבערגעזעטיקטע לאַנד און ער איז אַוועק אין אייגענעם לאַנד אַריין.

ווען אַ ייד פֿון אַרגענטינע, פּאָרט איצטער אויף איין חודש קיין ישׂראל, מאַכט מען אים אַ באַנקעט ביים אַוועקפֿאָרן און אַ באַנקעט ביים צוריקקומען. ווי שטייט דאָרט געשריבן: „ברוך אתּה בצאתך,

ברוך אתה בבואך". עס שטייט מאַלט אייך פונקט פאַרקערט, אָבער דאָס איז נישט דאָס איינציקע, וואָס איז ביי אונדז פונקט פאַרקערט ווי אין פסוק. דערנאָך הייבן זיך אָן באַגריסונגען פון אַלע „סאָסיע־דאַדן". ווו ער איז אַ „סאָסיאָ" און שוין אוודאי פון די „סאָסיעדאַדן", ווו ער איז אין „קאָמיסיאָן דירעקטיווא". און עס באַגריסן אים סתם פריינט. אַמאָל באַגריסט אים דאָס אייגענע ווייב אויך. זאָל די שטאָט וויסן, וואָס פאַר אַ גרויסן מאַן זי האָט. אין אַזאַ טאָג פאַרגרעסערט זיך אַמאָל דער טיראַזש פון בלאַט, ווייל פריינט האָבן הנאה און שונאים ווילן חוזק מאַכן.

טאָ זאָגט־זשע אַליין: וויפל באַנקעטן און באַגריסונגען וואָלט געקומען אַזאַ יידן, ווי בן ציון לוצקי, וואָס איז געפאָרן קיין ארץ־ישראל צוריק מיט ניינצן יאָר און ער לעבט דאָרט די גאַנצע צייט? בן־ציון לוצקי האָט אין בוענאָס איירעס אַ ברודער מיטן נאָמען אַרע־לע. ער איז גענעראַל גובערנאַטאָר, אָדער טאַקע פרעמיער אין דער בוכהאַנדלונג פון ג. קאַפּלאַנסקי. איר זאָלט מיך נישט חושד זיין, אַז איך בין דאָ אויסן צו מאַכן רעקלאַמע קאַפּלאַנסקין, אָדער אַרע־לען, ווייל איך וויל זיי זאָלן ביי מיר קויפן ביכער. מיר זיינען ידידים מבטן ומלידה און איך וועל ביי זיי קיין געלט פאַר קיין בוך נישט נעמען. און עס וואָלט מיר נישט געלוינט אויך, ווייל איך נעם ביי זיי אומזיסט ביכער זייט שנים קדמוניות און ווען איך מאָן ביי זיי פאַר מיינעם אַ בוך, דאַרף איך דאָך זיי באַצאָלן פאַר אַלע ביכער, וואָס איך האָב ביז איצטער גענומען.

ביי בן־ציון לוצקי אין ישראל האָב איך נאָך דרייסיק יאָר ווי־דער געמאַכט אַ ברכה לישב בסוכה. און נישט נאָר אָט די ברכה אַליין. איר ווייסט דאָך, אַז אויף וויין מאַכט מען איין ברכה, אויף קאָניאַק אַ צווייטע און אויף מיץ (אַ זאַפט פון אַ פּירה) אַ דריטע ברכה און איך האָב די אַלע משקאות געטרונקען ביי אים. און ווו זיינען די ברכות אויף די אַלע צובייסעכצן און מאכלים? ווען דער רבונו של עולם פאַררעכנט מיר די אַלע מיצוות און די אַלע ברכות, וואָס איך האָב געמאַכט ביי בן ציונען אין סוכה, גיי איך גלייך אין גן־עדן אַריין.

איך זאָג אייך דעם אמת: איך ווייס נישט וועלכן פון די צוויי ברידער איז בעסער, צי דעם דאָזיקן, וואָס וווינט אין ישראל, צי דעם, וואָס וווינט אין אַרגענטינע. בן־ציון האָט ביי זיך אין ישראל, גאָט זיי דאַנק, דעם שווער און די שוויגער און ער האָט שוין חתונה

געמאַכט אַ טאָכטער און טאַקע אונדזערע אַן אַרגענטינערן, און ווי מען זאָגט ביי אונדז אַ „טשוראַ". און חוץ דעם האָט ער אַ גאַנץ אייגן לאַנד. דאָס גאַנצע לאַנד איז דאָך זיינס. און אויב די שווער און שוויגער זיינען אַמאָל אַביסל שווער, זיינען זיי דאָך אים, נישט מיר... און וואָס האָט אונדזער לוצקי דאָ אין אַרגענטינע? קאַפּלאַנסקי האָט דאָך אַמאָל געלערנט די סדרה „מישפּטים", ווייסט ער דאָך מיסתמא, אַז זיין פּרעמיער פעלט שוין נישט קיין סך ביז מען וועט אים דאַרפן בויערן דעם אויער צום אושאַק. אַמאָליקע יאָרן איז דאָס בויערן דעם אויער געווען די „כובילאַסיאָן" (עמעריטור) וואָס מען פלעג צאָלן.

עס קען זיין, אַז איך האָב ביי בן ציונען אויסגעטרונקען מערער כוסות וויפל שורות איך האָב וועגן אים אָנגעשריבן, זאָג איך אים צו דאָס צו פאַרגיטיקן אין אַ צווייטן בוך. ביי בן ציונען בין איך געווען דעם ערשטן טאָג סוכות, ווען עס איז געווען אַן אמתדיקער יומא דפגרא און אָט די שורות שרייב איך אין אַ וואָכעדיקן טאָג. אָבער יענע יום-טובדיקייט פיל איך און איך וועל זי פילן שטענדיק. שלום, להתראות!

***

די שטאָט רחובות קענט איר? דאָס איז די שטאָט, וווּ עס האָט געלעבט און געאַרבעט דער ערשטער נשיא פון ישראל, חיים וויצ-מאַן, און דאָרט איז ער טאַקע נפטר געוואָרן. שלום לעפרו. איר ווייסט דאָך, אַז חיים ווייצמאַן איז מיינער אַ בן-עיר אָבער דאָ גיי איך אייך נישט דערציילן וועגן אים, און נישט אפילו וועגן מיר, נאָר וועגן אַן אַנדער גרויסן פינסקער. איר מוזט וויסן, אַז חוץ אונדז ביידע זיינען פאַראַן נאָך גרויסע פינסקער... און איינער פון זיי, איז אַ ייד מיטן נאָמען סיאָמאַ פינסקער. ער איז אַ שוואָגער פון מיינע באקאנטע אין בוענאָס איירעס. די ברידער אָלשאַנסקי. ווען איר וואָלט געווען מיט מיר צוזאַמען ביי אים אין שטוב, וואָלט איר אויך געווען גע-זאָגט אַ פּאָר גוטע ווערטער וועגן אים. אפשר האָלט איר נישט פון קאַרטאָפל מיט הערינג, אָבער איך בין פאַר קאַרטאָפל מיט הערינג גרייט אָנצושרייבן אַ גאַנץ בלעטל. אָבער מיינט נישט, אַז מען האָט געגעבן נאָר אָט דאָס מאכל, עס איז געווען אויסגעשטעלט אַ טיש מיט כל-טוב, נאָר איך דערמאָן אייך קאַרטאָפל מיט הערינג, ווייל זיי זיינען אַ שם דבר. און אפשר האָט ער אויסגעשטעלט אַזויפיל מאכלים מיט אַ כיוון, ווייל ער האָט נישט געוואָלט, אַז איך זאָל זיך

פֿאַרקוקן אויף זיין עקרת הבית, וואָס איז אַ יפת תואר, אויף אַלע אונדזערע ליבע געזאָגט געוואָרן. אָבער איך האָב יאַקאָש געטאָן ביידע זאַכן: איך האָב געגעסן זיינע מאכלים און געקוקט אויף זיין ווייב.

ווילט איר דאָך וויסן מיט וואָס, אַ שטייגער, אָט דער סיאָמאַ איז באַשעפֿטיקט אין ישראל, דערצייל איך אייך באַלד. ער איז נישט מער און נישט ווייניקער ווי איינער פֿון די דירעקטאָרן פֿון דער אויטאָבוס-קאָמפּאַניע, וואָס הייסט „אגד". ביי אונדז הייסט עס „קאָרפּאָראַסיאָן דע טראַנספּאָרטעס" און זייט פּעראָן איז פּרעזידענט געהער די קאָרפּאָראַציע צום אַרגענטינער פֿאָלק, אַמאָל האָט זי געהערט צו די ענגלענדער. ביי אונדז אין ישראל געהערן אויך די אויטאָבוסן צום פֿאָלק און סיאָמאַ איז דאָ שותף מיט נאָך 99 יידן און טאַקע מיט דער רעגירונג אויך.

אָט ווי איר זעט, מיינע טייערע לייענער, באַקען איך אייך מיט יידן פֿון אַלערליי שיכטן. איך טו דאָס, בכדי אַז ווען איר וועט פֿאָרן קיין ישראל, זאָלט איר נאָר דאַרפֿן האָבן אויף אַ שיפֿס-קאַרטע, קיין מורה דרך, קיין וועגווייזער, אָדער „גיא", ווי מען זאָגט ביי אונדז, זאָלט איר נישט דאַרפֿן. איר וועט נעמען אָט דאָס בוך, אַרויסנעמען פֿון דאַנען דעם אַדרעס פֿון אַ באַקאַנטן מיינעם און צוגיין גלייך צו אים און ער וועט אייך שוין פֿירן.

און אחרון, אחרון חביב: איך גיי באַשרייבן די צוויי טייערע יאַטן פּאַוועל און משה גורמאַן, די צוויי שוואָגערס פֿון מיין ברודער נחמן תמיר. איך גיב זיי ביידן אָפּ מפּטיר. פֿאַר משהן האָב איך נישט מורא, אַז ער וועט נישט קענען די ברכות, ער וועט זיי זאָגן כדת וכדין. ער איז דאָך אַ לערער אין סעמינאַר און נאָך מערער ווי דאָס, ער איז דאָרט וויצע-אינספּעקטאָר. און אויב פּאַוועל קען נישט קיין לשון קודש, איז אָבער די כוונה זיינע אַ גוטע.

מיט מיין ברודערס ווייבס מישפּחה האָב איך זיך נישט געקענט. ער האָט חתונה געהאַט נאָך דעם, וואָס איך בין אַוועקגעפֿאָרן פֿון דער אַלטער היים. די מישפּחה, וואָס איך באַשרייב אייך, שטאַמט פֿון דער פּוילישער עיר הבירה — וואַרשע. איך האָב מיין ברודער געפֿרעגט ווי קומט דאָס, וואָס מיין טאַטע האָט דערלאָזט, אַז ער זאָל זיך משדך זיין מיט פּוילישע יידן, האָט מיר נחמן געגעבן דערויף דעם ריכטיקן תירוץ. ווען אונדזער טאַטע עליו השלום איז געקומען קיין וואַרשע אָנקוקן די כלה, האָט ער געטראָפֿן די גורמאַנס אין שטוב שפּילן אַ דרײדל און מער האָט ער שוין נישט באַדאַרפֿט. „ויאמר

לבדק טוב״. היות, וואָס איך, דער מחבר פון אָט דעם בוך, בין דער איינציקער ממשפחת מירסקי, וואָס האַלט אָן די דערדל-טראַדיציע, האָט מיין ברודער תמיד מיך געוואָלט פירן צו די גורמאַנס באַלד נאָך דעם, וואָס איך בין אַראָפּ פון שיף. ער האָט מיך געוואָלט פירן צו די שוואָגערס אויף „גאַסטראָלן״. און ער האָט געוווסט, אַז אויף דעם געביט מעג ער זיך אויף מיר פאַרלאָזן. איך בין אין אָט דעם „פאַך״ העכער פון קריטיק, ווי מאָרים שווארץ אין „יאשע קאלב״. אפשר איין נאָמבערג ע״ה וואָלט געקענט מיט מיר קאָנקורירן. דערפאר, אפנים, קאָנקוריר איך מיט אים, צו לענגערע יאָרן מיר, אין שרייבן. איך מוז אייך זאָגן, אַז איך האָב ליב באַקומען די גורמאַנס, ווייל דער פרק לערנט אונדז „היה זנב לאריות״. דאָס איבעריקע קענט איר שוין אַליין פארשטיין. ווי אַזוי זאָגט מען דאָרט: ודי לחכימאָ ברמיזאָ... די גורמאַנס זיינען נישט קיין גרויסע פקידים (טשינאָווניקעס) און זיי האָבן נישט קיין גרויסע „זשאלאָוואניעס״ (שכירות), אָבער וואָס שייך אַ דערדל — דאָס היטל פאַר זיי אַראָפּצונעמען.

מיינט אָבער נישט, אַז די גורמאַנס פעלט חלילה עפּעס אין דער יידישער מדינה. זיי האָבן טאַקע אין וואַרשע געלעבט מיט גרוים הרחבה, אָבער די גרעסטע קונסט אין לעבן איז זיך צופאסן צו אַלע אומשטענדן. כי לא על הלחם לבדו יחיה האָדם. רוחניות, אַ געשמאקע סביבה, איז מער ווערט ווי גשמיות. און פאַר דעם גוף איז אויך געזינ־טער צו האָבן ווייניקער גופניות און מער רוחניות. און דאָס ברענגט מער נוצן לעתיד לבוא. און די הייזער פון די ברידער גורמאַן געהערן צו די דאָזיקע היימען, ווו עס שוועבט דער אמתדיקער ישראל-גייסט. מען פילט דאָרט שטענדיק די פרייד פון בויען.

גלייבט מיר, אַז איך וואָלט געוואָלט און געקענט באַשרייבן נאָך אַ סך הייזער, אין וועלכע איך האָב פאַרבראַכט און ווו איך האָב דער־פילט דעם ווערט און דעם כוח פון מדינת ישראל, אָבער — דאָס פלאַץ איז קליין. אויף שפּאניש זאָגט מען, אַז פאַר אַ מוסטער איז גענוג אַ קנעפּל און איך וויל האָפן, אַז איר וועט מודה זיין, אַז איך האָב אייך געוויזן מער ווי אַ קנעפּל.

אַ „טיול" הייסט אויף העברעיש אַ שפּאַציר. און אויב אין אַר־גענטינע מעג מען אַריינמישן שפּאַנישע ווערטער אין יידיש, מעג מען דאָך אוודאי אַריינמישן אין ישראל העברעישע ווערטער. ווי גייט דאָרט יענער דיאַלאָג אין „איוב":

— מאין באַת? — פון וואַנען קומסטו?

— משוט בארץ ומתהלך בה. איך דריי זיך אויף דער ערד און גיי אויף איר.

דריי טעג האָבן מיר געמאַכט אַ שפּאַציר איבער דעם לאַנד. דער קרן־קיימת האָט אונדז געשטעלט צו דער דיספּאָזיציע אַן אויטאָ אין איינעם מיט אַ שאָפער, וואָס הייסט נח. זאָגט נח, אַז מיר האָבן דורכ־געמאַכט טויזנט קילאָמעטער. מיר זיינען דורכגעפאָרן דעם גליל העליון, התחתון, דעם עמק יזרעאל און מיר האָבן געגרייכט ביז צום נגב.

אונדזער שאָפער איז אַ גאַנץ סימפּאַטיש מענטשל, אָבער אַ שטיקל דיקטאַטאָר, כאָטש ער איז נישט קיין מפּם"ניק און אפילו נישט קיין מפּאי"ניק. ער איז גראָד אַן אַלגעמיינער. איך האָב נישט פאַרשטאַנען פון וואַנען די העזה האָט זיך אים גענומען. ער האָט אונדז געוואָלט פירן נאָר דאָרטן ווו אים איז געפעלן. עס זיינען דע־מאָלט פאָרגעקומען פאַרהאַנדלונגען צווישן בן־גוריונען און די אַלגע־מיינע, איז ער שוין געוואָרן תקיפדיק. איך האָב אים געזאָגט:

— נח, זיי נישט אַזוי תקיפדיק, פון די פאַרהאַנדלונגען קען זיך נאָך אויסלאָזן אַ בוידעם. און דערוויל איז די רעגירונג די מפּא"י און דער אויטאָ איז פון קרן קיימת, וואָס איז דאָך די רעגירונג, די מפּא"י הייסט עס און מפּא"י בין איך... דרך־ארץ, חברל!

האָט ער מיך אוודאי געהערט ווי די קאַץ און ער האָט געפירט וווהין ער האָט געוואָלט.

די ערשטע סטאַנציע אונדזערע איז דער קיבוץ געש, וואָס האָט פריער געהייסן שפיים. דער דאָזיקער קיבוץ איז אַ היסטאָרישער און ער ציט זיין יחוס סיי פון דער עליה ב' און סיי פון דער עליה ג'. אין דער צייט פון מאַנדאַט און ווייסן פּאַפּיר האָט מען דורך דאַנען אַריינ־

געשמוגלט עולים. היינט געהער געש צו מפ״ם, אָבער פאַר מיר זיינען
דאָ די קיבוצניקעס אייגענע מענטשן און איך כאַפּ זיך אַרום מיט זיי
ווי מיט ברידער און יעדער שפּאַן דאָ רופט ביי מיר אַרויס אַ געפיל
פון הייליקן ציטער. עפּעס באַמבלט זיך מיר דער מאמר „היה מקרב
את הבריות״ — זיי מקרב מענטשן.



דער מחבר טרעפט אין קיבוץ געש פ אַ נ י  וו י אָ ר (צווייטע פון
רעכטס), ביי וועלכער ער איז געווען אויפן „ברית״ (לעקעד און בראָנפן) אין קאָרדאָבאַ.

און אַ מאָדנע צופאַל: די ערשטע חברה, וואָס קומט אונדז אַנט־
קעגן, איז גראָד אַן אַרגענטינערן. איר פאַטער איז פורמאַנס אַ באַ־
קאַנטער, אַ מענדאָסער סוחר, וואָס הייסט קוואַקעוויטש. איך האָב
די ערשטע אַנטקעגן געקומענע חלילה נישט מקריב געווען, ווי יפתח,
נאָר איך האָב זי פאָטאָגראַפירט. וואָרום אַזאַ געשעעניש מוז דאָך
פאַרייביקט ווערן. קומען אַריין צוויי אַרגענטינער יידן אין אַ קיבוץ

און די ערשטע, וואָס קומט זיי אַנטקעגן איז אַן אַרגענטינער יידישע טאָכטער.

איז דאָס אייך שוין גענוג? פּאַוואָליע, נאָך ניט! דער מזכיר, דער סעקרעטאַר פון קיבוץ איז אויך אַן אַרגענטינער. ער איז אַ בחור פון בוענאָס־איירעס און מיינער אַ שכן. ער האָט געוווינט אויף דער גאַס ווירכענעס 561 און ער הייסט אריה סלוצקי. און אָט איז פייגעלע וויאַר, די טאָכטער פון יידעשע און מרדכי וויאר פון קאָרדאָבע. דאָ הייסט זי פּאַני. זי ווייזט מיר אַ קייטעלע מיט אַ מעדאַליאָן, וואָס איך האָב איר געשענקט צוריק מיט אַריבער צוואַנציק יאָר, ווען זי איז געבוירן געוואָרן. איך זאָג איר צו, אַז אין אַריבער צוואַנציק יאָר אַרום וועל איך ווידער קומען אַהער און איר שענקען נאָך אַ קייטעלע מיט אַ מעדאַליאָן און איך פיל, אַז אין אָט דעם אָפּמאַך האַנדל איך די מציאה.

— פייגעלע, וואָס זאָל איך דערציילן דעם טאַטן דיינעם און דיין מאַמען?

— דערצייל זיי, אַז איך האָב דאָ מיין מאַן, מיין קיבוץ, מיינע זיבן און דרייסיק קינדער. איך בין אַ מטפּלת, אַ דערציערן ...און איך האָב מיין לאַנד. די זיבן און דרייסיק קינדער דערצי איך פאַר מיין לאַנד. איך בין געבוירן אין אַרגענטינע און ישראל איז געוואָרן מיין מולדת...

און מיר פאָרן ווייטער. מיר פאָרן אַריין אין אַ קיבוץ, וואָס הייסט גן שמואל. דאָ געפינט זיך „דאָטשע”, די טאָכטער פון מיין טייערן פריינד ניקאָלאָס גאָלדבערג פון קאָרדאָבאַ. ער איז ביז נישט־לאַנג געווען אַ הייסער חסיד פון מפא״י און אַן אייגענער מענטש און אַ זייער אַקטיווער און טאַקע אַ געטרייער און איבערגעגעבענער. לעצטנס איז ער אַוועק פון דער פּאַרטיי. עפּעס איז דורכגעגאַנגען אַ שוואַרצע קאַץ. אָבער ער איז נישט אַוועק פון ציוניזם און אויך נישט פון די אידעאַלן פון דער פּאַרטיי. גאָלדבערג האָט אַ סך געטאָן פאַר ישראל, אָבער ווען איך האָב געזען זיין טעכטערל, האָב איך זיך איבערצייגט, אַז ישראל האָט געטאָן אַ סך מער פאַר אים. דאָטשע האָט זיך, נישט פאַר קיין שום קינד געדאַכט, געהאָדעוועט אַן אַ מאַמען. דער פאָטער האָט פאַר איר געדאַרפט זיין ביידע און ער האָט געדאַרפט אי זאָרגן פאַר פּרנסה, אי זיין אַקטיוו אין דער פּאַרטיי, אי זיין אַ יונגערמאַן, אָבער ער האָט דאָך געגעבן אַ גוטע יידישע דערציונג

זיין טעכטערל און ער האָט געהאַט דעם גליקלעכן איינפאַל זי אַוועק־צושיקן קיין ישראל אין אַ קיבוץ אַריין. מיין ברודער נחמן תמיד האָט מיסתמאַ אויך באַווירקט גאָלדבערגן, אַז ער זאָל אַזוי האַנדלען. און זיין טאָכטער איז געוואָרן אַ מענטש אין קיבוץ — אויף אַלע אונ־דזערע טייערע געזאָגט געוואָרן. זי וואַקסט געזונט און שיין. אַ פּאַר־קריאָזשירט מיידל פון קאָרדאָבאַ, איר פאָטער איז דערצויגן אויף רו־סיש און ער האָט ביי אונדז אויסגעלערנט יידיש און זיין טאָכטער רעדט שוין אַ גוטן העברעיש און זי זעט שוין אויס ווי אַ סבראַ. זי לערנט פיר שעה אין טאָג און פיר שעה אַרבעט זי. צוליב דער אַר־בעט דאַרף זי אָפּט אויפשטיין פינף אַ זייגער פאַרטאָג. נישט איין מאָל וועקט זי אויף די שטערן, וועלכע שלאָפן נאָך. און זי איז צופרידן און גליקלעך און זי בליט. זי האָט די חנען פון אַ קריאָזשא און פון אַ סבראַ און אַז זי גיט אַ רעד העברעיש מיט אַ זינג פון אַ „קאָרדאָבעסאַ", איז, דאַכט מיר, קיין שענערע מוזיק נישטאָ אין דער וועלט. זי וויל נאָך אַ פּאָר טאָן קיין אַרגענטינע, זען איר מישפּחה, זען איר טייער ברו־דערל, אָבער וועגן זיך אומקערן טראַכט זי גאָרנישט. איר גורל און אירע שטרעבונגען האָט זי פאַרבונדן מיט ישראל. ירבו כמותה ביש־ראל, זאָל אַ סך אַרגענטינער יידן איינפאַלן צו טאָן אַזוי, ווי מיין פריינד ניקאָלאַס גאָלדבערג האָט געטאָן.

אויף מיטיק האָט אונדז נח פאַרפירט קיין נתניה, אַ שטאָט, וואָס געפינט זיך אין סאַמע מיט וועג צווישן תל־אביב און חיפה. אין דעם באַר, וווּ מיר האָבן געכאַפּט אַ ביס, זיינען געזעסן אַ הונדערט מענטשן. ווער עס האָט געגעסן, ווער עס האָט געשפּילט. אַלע זיי־נען געווען גאַנץ פיין געקליידעט. די ערשטע פראַגע, וואָס איך האָב געשטעלט, איז געווען:

— פון וואַנען און פון וואָס לעבן אָט די מענטשן?

און איך האָב זיך דערוווּסט, אַז אין ישראל זיינען פון איין זייט פאַראַן מענטשן, וואָס אַרבעטן מער ווי אַלע מענטשן אין דער וועלט און פון דער אַנדערער זייט זיינען פאַראַן מענטשן, וואָס אַרבעטן גאָרנישט און לעבן אויך. און זיי לעבן טאָקע בעסער ווי די דאָזיקע, וואָס אַרבעטן. בעסער איז אפשר נישט דאָס ריכטיקע וואָרט. זיי האָבן מערער צו לעבן, אָבער, צי זייער לעבן איז טאָקע בעסער, בין איך שטאַרק מסופק. זיי שפּילן מיט די זעל־ביקע שטיינער און מיט די זעלביקע קאָרטן, וואָס זייערע קאָ־

לעגן אין בוענאָס־איירעס. קיין זיבעטע קאָמיסאַריע איז דאָרט נישטאָ און קיין „אַליאַנסאַ נאַסיאָנאַליסטאַ", וואָס טיילן פּאַמפֿלעטן קעגן זיי איז אויך נישטאָ, בלייבט איבער דאָס אייגענע געוויסן, פֿאַרבייגן זיי דאָס. זיי רעדן אַלע לשונות חוץ העברעיש. אַ סך רעדן פּויליש, אַנדערע דייטש. עס פֿעלן אויך נישט אַזעלכע, וואָס רעדן יידיש. זיי האָבן נישט קיין צייט צו לערנען עברית. און רעדסטו מיט זיי, זאָגן זיי דיר, אַז זיי זיינען געקומען בויען דאָס לאַנד. און עס זיינען פֿאַראַן צווישן זיי אַזעלכע, וואָס קלאָגן זיך אויך. עס איז זיי נאָך נישט געענוג גוט. זיי בויען שפּילנדיק דאָס לאַנד און מען הערט זיך נישט צו צו זייערע עצות.

און אפשר זיינען זיי גערעכט אויך. מען וואָלט קיין ישראל נישט געדאַרפֿט אַריינלאָזן אַזעלכע מענטשן. און מען וואָלט זיי אפשר אין ערגעץ נישט געדאַרפֿט אַריינלאָזן. פֿאַר מיר זיינען פּראָ־דוקטיוו אַלע עלעמענטן, וואָס טוען עפּעס. ווער עס אַרבעט, ווער עס האָט אַ פֿאַבריק, ווער עס האַנדלט קאָרעקט, אָבער ווען איינער וויל גאָרנישט טאָן, וואָלט מען אים געמעגט אין ערגעץ נישט אַריינ־לאָזן. אין חומש ווערט דערציילט, אַז ווען מען איז געגאַנגען אין מילחמה אַריין, האָט מען אויסגערופֿן — מי האיש... אשר בנה בית, אשר נטע כרם... דער מענטש, וואָס האָט נאָר וואָס אויסגע־בויט אַ הויז, פֿאַרפֿלאַנצט אַ וויינגאָרטן, גענומען אַ פֿרוי, זאָל זיך אומקערן. און איך מיין, אַז מען וואָלט געדאַרפֿט אויסרופֿן, אַז די דאָזיקע יידן, וואָס ווילן גאָרנישט טאָן, זאָלן קיין יש־ראל נישט פֿאָרן. וואָרום אַ לאַנגע צייט וועט דאָס גאַנצע לעבן אין ישראל זיין אַ מילחמה! אַ מילחמה מיט די שכנים, אַ מילחמה מיט דעם באָדן, אַ מילחמה מיט דער שלעכטער ירושה פֿון גלות... די דאָזיקע, וואָס ווילן לעבן און גאָרנישט טאָן, זאָלן בלייבן אין גלות און העלפֿן בידיים ברענגען אַ נייעם היטלער. יידן אַליין וואָלטן אויך אין אַלע גלות־לענדער געדאַרפֿט נעמען באַקעמפֿן די דאָזיקע, וואָס ווילן ספּעקולירן און גאָרנישט טאָן. איך מוז אייך דערציילן — און זאָל דאָס אייך נישט אויסווייזן קאָמיש — אַז יענע מענטשן אין נתניה האָבן אפשר מער קריטיקירט די רעגירונג, ווי אַלע אַנדערע יידן, וואָס איך האָב ביז דעמאָלט באַגעגנט אין ישראל.

קיין סך צייט האָבן מיר נישט פֿאַרלוירן אין נתניה אויף דעם עסן. מיר האָבן אויך נישט אויסגענוצט די קאַרטלעך, וואָס גיבן אונדז אַ רעכט צו עסן פֿלייש — אַלע טוריסטן קריגן אַזעלכע — און

צו קריגן אַ הנחה אויף די פּרייזן. אונדז האָט זיך נישט געוואָלט באַקומען קיין שום פּריווילעגיע. איך האָב געוואָלט זען, הערן און פאַרצייכענען. איך האָב געוואָלט זען דעם אמת און אים פאַרשרייבן. אין די אויערן האָט מיר כסדר געקלונגען אַ פּסוק פון ישעיה: ותגיד לעמו פּשעו ולבית ישראל חטאתו" — אויסזאָגן די זינד פון פאָלק און פון דער רעגירונג. קיינעם נישט חנפענען, גאָרנישט באַהאַלטן.

מיר פאָרן איצטער שוין נישט אַליין. עס האָט זיך צו אונדז אַרויפגעגעבעטן אויף דעם אויטאָ אַ בחורה מיטן נאָמען ליליאַן שלאָס. זי איז אַן אונגאַרישע יידישע טאָכטער. זי האָט געדאַרפט פאָרן קיין חדרה. און וואָס מיינט איר האָט זי דאָרט געדאַרפט טאָן? זיך צו־צושטעלן צום מיליטער. זי האָט געוווסט, אַז זי וועט דאַרפן דינען צוויי קיילעכדיקע יאָר, אָבער זי האָט דאָס נישט גענומען טראַגיש און נישט געזוכט קיין „לגאַטע" און נישט געטראַכט חלילה פוּן מאַכן זיך אַ פּעלער. „עבריה אנכי" זאָגט זי אונדז. איך בין אַ יידיש־קע און איך גיי מאַכן מיליטער דינסט. זי גייט דינען דעם לאַנד און דעם פאָלק.

מיר האָבן גראָד געדאַרפט פאָרן ערגעץ אַנדערש, אָבער די מיסיע פון ליליאַן שלאָס איז פאַר אונדז געווען וויכטיקער ווי אונ־דזער שפּאַציר און מיר האָבן געהייסן נחן זי פירן וווהין זי דאַרף. און אין איין וועג האָב איך זיך דערמאָנט, אַז איך האָב פּעקלעך אויך פאַר יידן אין אָט דער געגנט. און טאַקע פאַר חדרה האָב איך אַ פּעקל פאַר איינעם אַ יידן וואָס הייסט גפני. זיין ברודער הייסט ב. וויינשטאָק, ער איז אַמאָל געווען רעדאַקטאָר פון אַ יידיש בלאַט אין בוענאָס איירעס און היינט איז ער אַ כלל טוער, „סינדיקאָ" (רואה חשבון) אין דער פאָלקס־באַנק.

און עס האָט נישט לאַנג געדויערט און מיר האָבן געמאַכט אַ שהחיינו. זיך פאַרדעקט די קעפּ מיט די הענט און געמאַכט אַ שהחיינו וקימנו והגיענו לזמן הזה. מיר זיינען אַריינגעקומען אין אַ פּאָליציי־סעקציע, אָדער ווי עס הייסט ביי אונדז — אַ קאָמיסאַריע. און דאָרט איז אַלץ געווען כדת וכדין, אַ פּאָליציי ווי גאָט האָט גע־באָטן. און אַן אַרעסטאַנט איז דאָרט אויך געווען. און נישט חלילה קיין ערל. אַ ייד מבשרנו. און ווער מיינט איר האָט אונדז אַריינגע־פירט אין דער פּאָליציי? טאַקע דער אדון גפני, וועמען איך האָב געבראַכט אַ פּעקל פון זיין ברודער. ער איז דער קאָמיסאַר און ער

איז געווען צו אונדז זייער העפלעך און ער האָט אונדז געוויזן דעם גאַנצן אַרום און זיך געפרייט מיט אונדז און מיסתמא אויך מיט די ליילעכער, וואָס איך האָב אים געבראַכט. אָבער עס איז פאָרט אויסגעקומען, אַז מיר האָבן געמאַכט אַ געווויסן טויש צווישן אַרגענטינע און ישראל. מיר האָבן קיין ישראל געבראַכט אַ פּעקל און מיטגענומען האָבן מיר אַ געוויסע עקספּעריענץ. איך ווייס נאָר נישט, וואָס פאַר אַ ראַליע מיר שפּילן אין אָט דעם טויש — זיינען מיר די פאַרמיטלער, צי די טרעגער.

אויף דעם ווייטערדיקן וועג האָט אונדזער שאָפער געקראָגן לשון און ער איז געוואָרן אַ שטיק מורה דרך, אָדער „גיא", ווי מען זאָגט ביי אונדז. ער איז נישט נאָר געפאָרן, נאָר ער האָט אונדז דערקלערט אַלץ, וואָס מיר זעען. און וואָס צו דערקלערן איז גראָד געווען.

מיר זיינען פאַרבייגעפאָרן עכו (אַקאָ), די שטאָט, וואָס שטייט ביים ים אין מערבדיקן גליל. די דאָזיקע שטאָט ווערט דערמאָנט נאָך אין תנ"ך און טאַקע אין די ראשונים, אין יהושוע, אָדער שופטים. נעבן עכו האָבן מיר געזען אַ באַרג, האָט אונדז דער שאָפער געזאָגט, אַז דער באַרג הייסט „גבעת נאַפּאָלעאָן". דער גרויסער פראַנצויזישער אימפּעראַטאָר, וואָס האָט געוואָלט איינגעמען די גאַנצע וועלט, האָט געגרייכט ביז אַהער און ער האָט געוואָלט איינגעמען די שטאָט און ער האָט זיך פאַרפעסטיקט אויף דעם באַרג, אָבער ער האָט די שטאָט נישט געקענט איינגעמען, ווייל זי האָט אַ גרויסע פעסטונג און ער האָט זיך געמוזט אומקערן בחרפּה ובבושה. אין עכו שטייט נאָך אַ קוילנווארפער פון נאַפּאָלעאָנס צייטן. אונדזערע יאַטן האָבן עכו יאָ איינגענומען איניינעם מיט דער פעסטונג. זיי האָבן די פעסטונג גוט געקענט. זיי זיינען בעת דער ענגלישער הערשאַפט דאָרט געזעסן. אין אָט דער תפיסה האָט מען דאָך געקעפּט דוב גרונער און זיינע פיר חברים. היינט איז שוין אין יענער פעסטונג נישטאָ קיין טורמע. דאָרט איז פאַראַן אַ שפּיטאָל פאַר גייסטיק קראַנקע. אַמאָל זיינען אין יענעם שפּיטאָל געווען נאָר אַרעסטירטע משוגעים, היינט זיינען פאַראַן גייסטיק-קראַנקע אויך פון דער פריי. צום מיינסטן זיינען דאָס אַראַבער. אָבער די אַראַבישע משוגעים ווייסן שוין אויך, אַז עס איז דאָ אַ יידישע מדינה.

מיר קומען אָן קיין נצרת (נאַצערעט, אויף שפּאַניש נאַזאַרעט). דאָס איז די שטאָט ווו עס איז געבוירן געוואָרן ישו הנוצרי, יעזוס קריסטוס. צוואַנציק טויזנט איינוווינער האָט די שטאָט און נישט מער

ווי זעקס יידישע מישפּחות. צוליב וואָס די יידישע משפּחות געפינען זיך דאָרט, ווייס איך נישט. אפשר דאַרפן זיי פּילן דעם טעם פון גלות אין מדינת ישראל. די שטאָט זעט אויס אָרימער, ווי אַנדערע שטעט אין ישראל און זי איז אויך נישט גענוג ריין. און מער פון אַלץ האָט זי קלויסטערס. זי האָט געבעט־הייזער פון עטלעכע קריסטלעכע רע־ליגיעס. קאַטוילישע, פּראָטעסטאַנטישע, פּראַוואָסלאַוונע.

מיר גייען אַריין אין דער קירכע „מאַריאַ". לויט דעם יידישן דין טאָר, דאַכט מיר אַ ייד נישט אַרייגגיין אין אַ קלויסטער, אָבער ווער געדענקט וואָס מען מעג און וואָס מען טאָר נישט. דער דאָזיקער קלויסטער איז אלט זעכצן הונדערט יאָר. ביים אַריינגיין ליגט אַ בלאָק פון עגיפּטישן גראַניט. מען זאָגט, אַז דער דאָזיקער בלאָק שטאַמט נאָך פון פּרעה׳ס צייטן און ער איז ווערט אַן אוצר. פאַרוואָס זשע האָט מען אים ביז איצטער נישט צוגעגנבעט? ווייל מען דאַרף האָבן אַ פּאָר הונדערט מענטשן אים אויפצוהייבן, אַזוי שווער איז ער. און אַ גניבה האָט ליב אַ סוד...

דער קלויסטער „מאַריאַ" איז פול מיט איקאָנעס און הייליקע בילדער. מרים, גאָטס מאַמע, קוקט פון אַלע בילדער אַראָפּ אַ טרויע־ריקע. מען זעט, אַז זי איז געווען אַן אַקוראַטנע און אַ ציכטיקע. איר ריינקייט שימערירט. מען האָט זי דאָ אויף די בילדער צוגעפּוצט און צוגעפאַרבט. איך וואָלט געקענט שווערן, אַז מען האָט איר געמאַכט מאַניקירטע נעגל. אָבער די אַלע בילדער זיינען דאָך נישט געמאַכט פאַר אונדז. די דאָזיקע, וואָס גלויבן אין דער עוואַנגעליע, ווערן מיסתמא שטאַרק עמאָציאָנירט, ווען זיי קומען אַהער אַריין. איך וואָלט אַ בעלן געווען וויסן, וואָס עס האָט געפּילט מיין קאָלעגע שלום אַש, ווען ער איז אַהער אַריינגעקומען...

בשכנות מיט אָט דעם קלויסטער געפינט להבדיל די סינאַגאָגע פון די צייטן פון די מכבים. לויט דער לעגענדע האָט דאָ געדאַוונט מתתיהו החשמונאַי, דער כוהן גדול, מיט זיינע זין. דאָס דאָזיקע איז געווען הונדערט פינף און זעכציק יאָר פאַר יעזוסעס געבוירן ווערן. אויף איינער פון די ווענט הענגט אַ בילד, וואָס שטעלט פאָר ווי קרים־טוס האָט אַ וויכוח מיט די רבנים. ווי אַלט אָט דאָס בילד איז און וואָס פאַר אַ טענדענץ עס האָט, איז נישט מיין אויפגאַבע צו שרייבן. וויפל היסטאָריקער עס זיינען פאַראַן, אַזוי̆פיל מיינונגען זיינען וועגן דעם פאַראַן. ביים אַריינגיין אין קלויסטער זיצט אַ פרומער אַראַבער און ער פאַרקויפט הייליקע וואַסער און אַלערליי קמיעות. איך האָב זיך

דערמאָנט אין גוט־באַקאַנטע, פרומע קריסטן און איך האָב פאַר זיי געקויפט אַביסל הייליק וואַסער און אייניקע קמיעות. און עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער אינסטינקט פירט אַמאָל צו גוטן. ווען איך בין אַהיים געקומען, האָב איך געטראָפן מיין שיינע קליינע פלימע־ניצקע נעמי קראַנק. די עלטערן האָבן געוואָרפן די שולד איינע אויף דער אַנדערער. האָב איך אַרויסגענומען דאָס ביסל הייליק וואַסער און איך האָב געזאָגט נעמין, אַז דאָס וועט איר ברענגען די רפואה, האָט די קליינע גענומען לאַכן, לאַכט זי נאָך. און אָט דאָס געלעכטער האָט זי געראַטעוועט. דער קריזיס האָט געבראָכן און זי איז געוואָרן אַן אַנ־דער קינד. און טאַטע מאַמע האָבן זיך אויפגעהערט קריגן און עס איז געוואָרן שלום. און איך האָב זיך געזאָגט: מי יבין את דרכי ה׳? ווער פאַרשטייט גאָטס וועגן? אַז גאָט וויל העלפן, האָט ער אַ סך מיטלען... הייליק וואַסער העלפט אויך!

אָבער פאַרגעסט נישט, אַז דער שפּאַציר אונדזערער איז נאָך נישט געענדיקט. איך האָב אייך דערוויל דערציילט פריער, וואָס עס איז געשען שפּעטער. איצטער קענען מיר זיך צוריק אומקערן צו דער רייזע. מיר פאָרן און די רעדער אונדזערע דרייען זיך אַהין און צו־ריק. זיי פאָרן אַריין ביז אין די אַלטע צייטן. אָט זיינען מיר אין 1952 און אָט — צוריק מיט הונדערטער יאָרן. עס לעבן אויף מעשות פון תנ״ך און פון דער יידישער געשיכטע בכלל.

אָט זיינען מיר ביים קבר פון ר׳ מאיר בעל נס, וווּ עס זיצן יידן און מאַכן „מלאם״ און „מי שברכם״ און זיי מאַכן אַ לעבן. שוין דאָס



דער קבר פון מאיר בעל נס

אמתע לעבן. עס איז היים, שטיקנדיק און עס טשאַדעט און עס פעלט
אַ זין... און עס גערדויערט נישט לאַנג און מיר זיינען אין דגניה, אין
דעם גרעסטן און שענסטן קיבוץ אין עמק הירדן, אין דעם ירדן טאָל,
ביי דעם קליינעם ים כנרת. דאָס איז אַ געגנט, ווו עס איז פאָרגע־
קומען דער גאַנצער אָנהייב פון דעם נייעם ארץ־ישראל. ערגעץ דאָ
האָט די דיכטערן רחל געפּאַשעט די גענדז און געשאַפן איר ליד
„ואולי”, וואָס מען זינגט היינט אין דער גאַנצער וועלט. און אין



ביי דער סירישער גרעניץ

דגניה אַרבעט מען, ווי אין אַ בינשטאָק. דגניה און דער קבר פון ר׳
מאיר בעל הנס! צוויי וועלטן! און מיר דאַכט, אַז דער גרויסער נס גע־
שעט און איז געשען אין דגניה.

פאַראַן צוויי קיבוצים דגניה — „אַלף” און „בית”. די מילחמה
מיט די אַראַבער האָט מען דאָ געפירט זייער שווער. דריי אַראַבישע
לענדער געפינען זיך דאָ פון יענער זייט. אַ שפּאַן אַריבער איז עבר־

הירדן. און ווייטער אַהין איז סיריע און לבנון... אוי, ווי מען האָט דאָ פאַרגאָסן בלוט. עס שטייט נאָך אַ טאַנק, וואָס אַ יידישער בחור האָט אויפגעריסן מיט אַ „מאָלאָטאָוו-פלאַש". די אַראַבער האָבן זיך אַזוי דערשראָקן, אַז זיי האָבן געמאַכט אַ השיבנו נאַזאַד. און ביי אָט דעם טאַנק האָט מען נאָך נישט אויסגעבויט קיין מאָנומענט און נישט קיין שול און קיינער זאָגט דאָ נישט קיין תהילים. ווען מען פרעגט מיך, וואָלט איך געזאָגט, אַז דאָ וואָלט מען געדאַרפט אויסבויען דאָס בית-המקדש...

מיר פאָרן קיין צפת. אַ שטאָט פון אַלטן ישוב, וואָס האָט אויך געפירט די מילחמה און איז היפש באַנייט געוואָרן. נאָענט פון צפת געפינט זיך מירון, וווּ עס שטייט דער קבר פון ר׳ שמעון בן יוחאַי, וואָס איז געווען אַ לעגענדאַרער העלד. אין קאָפּ מישט זיך ביי מיר. איך געדענק, אַז שמעון בן יוחאַי האָט אַ שייכות מיט ל״ג בעומר, אָבער איך דערמאָן זיך נישט קיין פּרטים, באַטש איך געדענק עפּעס וועגן אַכט און פערציק טויזנט אומגעקומענע תנאָים... איך דערמאָן זיך שלום אַשס אַ פּראָזע, וואָס איז מיר שטענדיק געפעלן: „אַביסל וויינקער תהילים און מער ביקסן". די נייע געשיכטע פון ישראל נעמט מיך שטאַרקער, ווי די געשיכטע, וואָס האָט צו טאָן מיט בלויז הייליקייטן... אין דער צייט פון דער באַפרייונג-מילחמה האָבן יידן נישט געהאַט גענוג ביקסן, האָבן זיי זיך געשלאָגן מיט פלעשער בענ-זין קעגן טאַנקן...

אויף די וועגן האָבן מיר אַרויפגענומען אַ סך פּוסגייער, וועלכע מיר האָבן צוגעפירט וווּהין זיי האָבן געדאַרפט. מיר האָבן נישט מורא געהאַט, אַז עס זאָל זיך אַרויפכאַפּן אויף אונדזער אויטאָ עפּעס אַ גענגסטער, אַ באַנדיט. פורמאַן איז טאַקע דירעקטאָר פון „באַנקאָ קאָמערסיאַל" אין בוענאָס איירעס, אָבער די באַנק פירט ער דאָך נישט מיט זיך. דער שאָפער אונדזערער פלעג אונדז שוין נישט פרעגן. אַז עמיצער האָט געמאַכט מיט דער האַנט, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און ער האָט אים אַרויפגענומען. און פאָרנדיק אַזוי האָבן מיר אַרויפ-גענומען אַ יונג פּאָר-פאָלק ערשט פון דער נאָדל אַרויס. פון קיבוץ משמר דוד זיינען זיי געווען. זי האָט געהייסן חיקה ראַבינאָוויטש און ער — יצחק קאַפּלאַן. זיי האָבן חתונה געהאַט צוריק מיט צוויי טעג. דער חתן און די כלה האָבן ביידע פאַרמעגלעכע עלטערן, אָבער זיי זיינען אַוועק אין קיבוץ און לעבן דאָרטן, און דאָ־טן האָבן זיי אויך געפראַוועט די חתונה. און עס איז געווען ליהודים. די אמתדיקע

חתונה! עס האָט נישט געפעלט קיין לעקאַך און בראָנפן. און מוזיק איז אויך געווען. זיי האָבן, זיצנדיק ביי אונדז אויף דעם אויטאָ, אָפּ־געמאָלן די חתונה, האָבן מיר אויפגעשטעלט מויל און אויערן.

מען איז נישט געגאַנגען אויסגעפּוצט, אַזוי ווי מען גייט אויף אַ חתונה אין ב.־איירעס. קיינער איז נישט געווען באַהאָנגען מיט קיין צירונג און מיט קיין אַלדאָס פּאַרביקס. ווען עמיצער וואָלט געוואָלט לייען אַ סמאָקינג אויף פּראָקאַט, וואָלט ער אים אויך נישט געקראָגן. און די קעלנער זיינען נישט אַרוים מיט די פּאַלומעסעקס עופות אונ־טער אַ מאַרש, ווי ביי אונדז. די מוזיקער קענען גאָר אפשר נישט אָט דעם מאַרש. דער חתן איז אויך געגאַנגען אין כאַקענע הויזן, אָבער נישט קיין קורצע, נאָר לאַנגע. און חופּה וקידושין האָט מען אויך גע־געבן. אַ גלעזל אונטער דער חופּה האָט מען נישט צעבראָכן, ווייל ס׳איז אַן עבירה. דער חתן האָט צעבראָכן אַן אויסגעברענט עלעק־טריש לעמפּל, וואָס נוצט שוין סיי ווי נישט. אָבער פרייליך איז גע־ווען! פריילעכער ווי אויף די גרעסטע חתונות אין די רייכסטע סאַ־לאָנען.

— וווהין זשע איז איצטער געפאָרן דאָס פּאָרל?

— דערווייל איז עס נאָך געגאַנגען. מיר האָבן זיי אַרויפגענו־מען, זיינען זיי געפאָרן. און געפירט האָבן זיי מיט זיך אַ קליין טאָר־בעלע.

זיי האָבן אונדז באַלד דערציילט. זיי זיינען געפאָרן אויף אַ האָ־ניק חודש רייזע. מען האָט זיי געשאָנקען, ווי אַלע מיטגלידער פון קי־בוץ אין אַזאַ פאַל, צוואַנציק פונט און מיט אָט דער סומע האָבן זיי געדאַרפט מאַכן די רייזע. און זיי האָבן זיך נישט געשראָקן. מען קען צו יעדער צייט קריגן אַן אויטאָ און אונטערפאָרן. און מ׳קען אַריינ־גיין אין אַ קיבוץ און דאָרטן זיין אַ גאַסט. עס איז אַן אַנדער מין לעבן ווי אומעטום, אַ ניי לעבן!

איך האָב זיך איבערגעזעגנט מיט פורמאַנען און פורמאַן האָט זיי געזאָגט, אַז אַזוי ווי זיי זיינען דאָס ערשטע ערשט־חתונה גע־האַטע פּאָרל, וואָס מיר האָבן באַגעגנט, וועלן זיי זיין אונדזערע געסט אין שענסטן האָטעל פון צפת און זיי וועלן בכלל זיין אונדזערע געסט, ביז מיר וועלן פאַרענדיקן די רייזע. דאָס איז אונדזער דרשה גע־שאַנק.

מיר האָבן געזעגנט אין צפת. דער האָטעל איז געווען פול מיט דאַטשניקעס. צפת געפינט זיך זייער הויך און דאָרט איז קיל.

מען פאַרט פון גאַנץ ישראל אַהין אויף זומער. און אַ חוץ דעם געפּי־
נען זיך דאָרטן אַ סך מאלער. צפת איז איינע פון די אינטערעסאַנטס־
טע שטעט אין דער וועלט פאַר מאלער. און אַזוי ווי איך שוועב צווישן
זשורנאַליסטן און מאלער, געפין איך זיך דאָ ווי אַ פיש אין וואַסער.
איך באַקוק די שטאָט מיט אירע אַלטערטימלעכקייטן און מיט אירע
העלע פאַרבן, קוק זיך צו צו ווי מאלער מאָלן און איך פאָטאָגראַפיר
און פאַרצייכן. איך געפין דאָ שטאַרקע סימנים פון דער באַפרייונג־
מילחמה. די אַראַבער זיינען געווען אויף די בערג און געשאָסן אויף
אַראָפּ. אָבער מען האָט זיי דאָך פאַרטריבן.

דער מיטיק, וואָס מיר האָבן געגעסן, איז באַשטאַנען פון איין
טעלער: געפרעגלטע פיש. דריי מאָל האָבן מיר אים רעפּעטירט. עס
איז געווען עפּעס אַנדערש אויך, אָבער מיר האָבן געוואָלט נאָר יענע
פיש. אַז איר וועט אַמאָל זיין אין ישראל און עסן די פיש ביים ברעג
פון כנרת, וועט איר וויסן פאַרוואָס מיר האָבן דאָרט געוואָלט נאָר
פיש. און אויב איר זענט שוין געווען דאָרטן, ווייסט איר דאָך שוין,
וואָס פאַר אַ טעם יענע דגים האָבן.

ביים צוריקפאָר האָבן מיר באַקוקט אַ סך קיבוצים. די מיינסטע
פון זיי זיינען מפּמישע, אָבער — קיבוצים זיינען קיבוצים. אַלע האָבן
געבויט און געקעמפט. די מפּמ"ניקעס ווילן גיין אין די וועגן פון דעם
מזרח־רעזשים. וואָלט יענער רעזשים טאַקע געווען אַזאַ אידעאַלים־
טישער, ווי ער האָט צוגעזאָגט צו זיין, וואָלט געווען גוט, איז ער
אָבער פול מיט אַזאַ באַרבאַריזם, אַז די האָר שטעלן זיך קאַפּויער...
ווען איך האָב באַשריבן גבת, האָב איך געגעבן אָנצוהערן, אַז איך
וועל אַ שמועס טאָן וועגן דער פּעסט, וואָס האָט זיך אַריינגעכאַפּט
אין די קיבוצים. דאָס איז אַ פּעסט פון שפּאַלטן און ברעכן. דאָס איז
אַ פּעסט, וואָס רייצט קינדער קעגן עלטערן און עלטערן קעגן קינ־
דער און אפילו מאַן קעגן ווייב.

איך האָב אויסגעמיטן צו זיין אין עין־חרוד, וואָס איז זיכער
איינער פון די גרעסטע און בעסטע קיבוצים אין לאַנד. פון עין חרוד
איז אַרויס דער פונק, וואָס האָט דערנאָך אָנגעאַרבעט אַ שריפה אין
אַ סך קיבוצים. נאָך דרייסיק יאָר אַלגעמיינער און בשותפותדיקער
אַרבעט האָבן זיך מפּמ"ניקעס צעקריגט מיט מפּאי"ניקעס און עס איז
געקומען פשוט צו אַ מילחמה. די סאַמע נאָענטסטע האָבן געפירט
מילחמות. ביי אונדז יידן פלעג מען אָנזאָגן די שופטים — ריכטער
— אַז „לפני המשפט יהיו בעיניך כרשעים, לאחר המשפט יהיו בעי־

ניך כצדיקים", פאַר דעם מישפּט זאָלן ביידע צדדים זיין אין דיינע אויגן ווי רשעים און נאָך דעם מישפּט זאָלן זיי זיין ווי צדיקים, אויב זיי וועלן אויספאָלגן דעם אורטייל. און איך מוז מודה זיין, אַז די מפּאי"־ניקעס פאָלגן אויס דעם אורטייל. ווו זיי האָבן אַ מינדערהייט, פאַרלאָזן זיי שטילערהייט דעם קיבוץ. אַנדערש אָבער זיינען די מפּמ"ניקעס. זיי אונטערוואַרפן זיך קיינמאָל נישט. אויב דאָס דאָזיקע איז תורת לענין וסטאלין, אָדער גאָר פון משה סנה, זאָלן די ערשטע טראָגן אַזעלכע תכריכים און דער צווייטער זאָל טראָגן אַזעלכע העמדער, ווי גוט און ווי שיין דאָס איז!

אָבער ישראל איז גענוג געזונט צו קענען אַריבערטראָגן אַלע מכות. דער געזונטער קערפּער וועט אַלץ פאַרדייען און אַלע שעדלעכע מיקראָבן באַזיגן. דאָס פּאַרל, וואָס איז געפאָרן מיט אונדז אויף דעם האָניק חודש, חיקה ראַבינאָוויטש און יצחק קאַפּלאַן, וועלכע אַרבעטן אין קיבוץ, ווייזן נישט אַרויס קיין שום אינטערעס נישט פאַר מפּ"ם און נישט פאַר מפּא"י. זיי אינטערעסירט דאָס לאַנד. און אַזעלכע ווי זיי זיינען פאַראַן אַ סך.

מיר האָבן אויף אונדזער שפּאַציר און די גאַנצע צייט פון אונדזער זיין אין ישראל געקליבן נחת פון אַזעלכע יונגע מענטשן און פון די קינדער. וואָס פאַר אַ טייערע קינדער דאָס לאַנד האָט. קליינע קינדער, פיר, פינף און זעקס־יאָריקע, האָבן שכל ווי גרויסע. אונדז איז אויסגעקומען צו זיין פאַר סוכות און סוכות צייט אין לאַנד. מיר האָבן געזען ווי קליינע קינדער בויען סוכות. איך בין איין מאָל צוגעגאַנגען צו אַ פינף יאָריקן יונגאַטש, וואָס האָט געהאָלפן בויען אַ סוכה און איך האָב אים געפרעגט ווי אַזוי ער בויט, האָט ער מיר געענטפערט:

— אויב דו ווילסט עס שוין וויסן, האָב איך קיין צייט נישט, אָבער אויב דו וועסט קומען אום יום־טוב, וועל איך האָבן צייט און איך וועל דיר ענטפערן.

איך האָב מיר מיינע פּאַרטייאישע סימפּאַטיעס און אַנטיפּאַטיעס, אָבער איך האָב זיי אַלע אַוועקגעוואָרפן ביים אַריינקומען אין לאַנד אַריין. איך האָב אויף אַלץ געקוקט מיט יידישע אויגן און מיט יידישע געפילן. און מיר האָט געגעבן אַ קלאַפּ אין האַרצן אַריין, ווען איך האָב איבערגעלייענט, אַז ביי דער קאָנפערענץ פון דער הסתדרות האָט דער לינקער מפּ"ם־פירער ריפטין געמאָלדן: „אין פאַל פון אַ סאָ־וויעטישער אינוואַזיע וועט מפּ"ם נישט קעמפן קעגן איר"... מיר האָט זיך געגלוסט אויסשפּייען און אויסשרייען שקץ תשקצנו כי חרם הוא...

דערויף האָבן מיר געבלוטעט? קעגן יעדן, וואָס וועט וועלן אינוואַ־דירן דאָס לאַנד, דאַרף מען קעמפן!

אָבער לאָמיך מיין דערציילונג וועגן דעם דרייטאָגיקן טיול נישט ענדיקן בייז און נישט מיט קיין פּאָליטיק. דער דאָזיקער שפּאַציר וועט פאַרבלייבן ביי מיר ווי די גליקלעכסטע געשעעניש אין מיין לעבן. און איך וויל אייך ביים פאַרענדיקן אָט די דערציילונג, כאָטש מיר גלוסט זיך נישט זי ענדיקן, אייך דערמאָנען אין די צוויי בערג, הר גריזים און הר עיבל, וועגן וועלכע עס ווערט דערציילט אין חומש, אַז איינער איז אַ באַרג פון שלעכטס און איינער אַ באַרג פון גוטס. אַז איר, מיינע לייענער, וועט זיין אין ארץ־ישראל, לאָזט איבער ביידע בערג און גייט בעסער אויף דעם כרמל באַרג אין חיפה. גייט אַהין אין אָוונט. דעמאָלט גייט דאָרט אַרויס די יוגנט „בתופים ובמחולות״ — מיט פּויק און טאַנץ. זי פראַוועט טענץ און קאַראַהאָדן. קוקט אויף דער יוגנט, וואָס איז פאַרהאָרעוועט און זעט ווי זאָרגלאָז זי זעט אויס. און איר וועט וויסן ווי אַזוי עס זעט אויס אַ מענטש אויף וועלכן עס רוט די שכינה. און נישט נאָר אויף דער יוגנט האָט גערוט די שכינה, נאָר אויך אויף אונדז, די צוויי יידן פון אַרגענטינע, וואָס האָבן דאָס צוגעקוקט, האָט גערוט די שכינה. נישט איך און נישט פרומאַן האָבן מיר קיינמאָל אין אונדזער לעבן נישט געזען אַזאַ פרייד און גליק ביי יידן. מען גייט דאָרט אַרבעטנדיק, קעמפנדיק, זינגענ־דיק און טאַנצנדיק אַנטקעגן משיחן!

נײַן און צוואַנציקסטער קאַפּיטל

# ותגיד לעמי פשעו ולבית ישראל חטאתו

איך האָב שוין איין מאָל געבראַכט אָט דעם פּסוק, וואָס איך שטעל אויף דעם קאָפּ פון אָט דעם קאַפּיטל. דאָס דאַזיקע, וואָס איך שרייב דאָ, איז — אויב איר ווילט — אַ מין אָפֿענער בריוו צו אים אַליין, צו דוד בן גוריון. צום קאָפּ און צום פֿאָטער פון מדינת ישראל, וועלכן מען בענטשט און מען שעלט מער ווי אַלע. און געשריבן וואָלט איך אים אָט וואָס:

שוין אַ חודש צייט, ווי מיר פֿאָרן אַרום איבער דעם לאַנד. מיר האָבן אַ סך געזען און אַ סך געהערט. מיר זיינען חלילה נישט אַנטוישט געוואָרן. אַדרבא: מיר האָבן געשטוינט, ווען מיר האָבן געזען, וואָס יידן האָבן אויפגעטאָן בכלל אין ארץ ישראל און וואָס זיי האָבן אויפגעטאָן אין די פיר יאָר פון מלוכהדיקער זעלבסטשטענדיקייט. מיר האָבן געזען די יוגנט פון לאַנד, די בחורים, וואָס זיינען ממש נייע חשמונאָים. מען וואָלט אויף הונדערטער יינגלעך פון די דאָזיקע, וואָס מיר האָבן געזען, געקענט זאָגן: דרך כוכב מיעקב. אַ שטערן איז אויפגעגאַנגען פון יעקבן. און ווען די דאָזיקע, וואָס זיינען שוין נישטאָ, וועלכע האָבן זייערע יונגע לעבנס אַוועקגעגעבן, קען מען דאָס דאָזיקע דאָך אוודאי זאָגן.

און דער נס פון אונדזער צייט איז נאָך גרעסער ווי יענער פון דער תקופת־החשמונאים, ווייל אין אונדזער צייט זיינען פֿאַראַן זעכצן פּאַרטייען, אין יענער צייט זיינען פּאַרט געווען ווייניקער. און דעמאָלט איז ביים רודער אויך געשטאַנען אַ דוד בן גוריון, אָבער ער האָט געזוכט נאָר די אינטערעסן פון פֿאָלק און פון לאַנד און נישט די אינטערעסן פון אַ פּאַרטיי.

וועט איר מיר מוחל זיין, פּרעמיער און קריגס־מיניסטער פון ישראל, וואָס איך, וועלכער האָט נישט קיין אַנדערע פּרעטענזיעס ווי נאָר צו זיין אחד מן העם, איינער פון פֿאָלק, קום מיט טענות און איך רוף אייך צו אַ מין לכו ונווכחה, לאָמיר זיך אויסטענהן. און איך טו דאָס טאַקע, ווייל איך גלייב, אַז איר, בן־גוריון האַלט, אַז העכער פון אייער פּאַרטיי איז דאָס פֿאָלק און דאָס לאַנד.

ראשית, דאַכט זיך מיר, אַז די סאָציאַליסטישע דאָקטרין פון דער מפא"י ווירקט ווי אַ רויטער טוך אויף אַן אָקס. די יידישע קאַפּיטאַ־

ליסטן פון אַנדערע לענדער שרעקן זיך צו אינוועסטירן זייערע קאַפּי־טאַלן און מאַכן פאַבריקן. איך ווייס, אַז אין ערגעץ איז אַ יידישער קאַפּיטאַליסט נישט אַזוי זיכער, מיט זיין קאַפּיטאַל, ווי אין מדינת ישראל, אָבער פאַרוואָס זאָלן די רייכע האָבן אַ תירוץ? און אפשר וואָלטן זיי טאַקע אינוועסטירט קאַפּיטאַל, וואָלט דאָך געוואָרן בע־סער און דאָס לאַנד וואָלט טאַקע געוואָרן ארץ זבת חלב ודבש... איז פאַרוואָס זאָל מען שטערן?

והשנית — ווי לאַנג דאַרף מען נאָך האָבן דעם קרן היסוד, דעם קרן קיימת און די יידישע אַגענץ מיט זייערע אָנגעשטעלטע, וואָס טרינקען טיי דריי מאָל אַ טאָג? פאַרוואָס זאָל די רעגירונג נישט אי־בערנעמען דאָס אַלץ און אַליין פאַרוואַלטן מיט דעם?

והשלישית, פאַרוואָס לערנט מען נישט אויס די אַלע פּקידים און פּקידימלעך צו זיין העפלעכער און צו באַגיין זיך איידעלער מיט די טוריסטן, וואָס קומען מיט גוטן ווילן און אויך מיט וואַליוטע? זיי קומען מיט ליבע און פאַרן אַוועק באַגייסטערטע און אַז זיי דאַרפן אַביסל אינפאָרמאַציע ביי די פּקידים, טרעפן זיי זייער אָפט זויערע פּנימער.

און פערטנס — די שוטרים, די פּאָליציילייט, וואָס וואַכן ביי די „גרעניצן" פון שטעט און שטעטלעך און גיבן אַכטונג מען זאָל חלילה נישט אַריינפירן אַן איי אין שטאָט אַריין, פאַרוואָס לערנט מען זיי נישט זיין ווייניקער ברוטאַל? איך בין זיכער, אַז ווען מען זאָל ביי זיי אַ זוך טאָן, וואָלט מען געפונען גאַנץ נישט כשרע זאַכן.

אדוני הפּרעמיער, אָט די אַלע פראַגן פרעג איך נישט אייך, נאָר מען האָט זיי מיר געשטעלט. איך האָב זיי געענטפערט: מיינט איר, אַז דער פּרעמיער פון ישראל איז ווייניקער קלוג און דערפאַרן ווי איר זענט? מיינט איר, האָב איך זיי געזאָגט, אַז עס איז פאַראַן איין לאַנד אין דער וועלט, אין וועלכן מען האָט נישט אַזעלכע טענות צו דער רעגירונג און צו אירע אָנגעשטעלטע? אָבער זיי האָבן מיר אויך גע־האַט וואָס צו ענטפערן. זיי האָבן געזאָגט, אַז איך קען דאָך אויך נישט מיינען, אַז די אָפּאָזיציעס ווייסן שוין אין ערגעץ גאָרנישט און זיי האָבן מיר געזאָגט, אַז אַ רעגירונג מוז אַמאָל יוצא זיין פאַר אַנדע־רע און זיך שרעקן פאַר דעם „למה יאמרו"... זיי האָבן דערמאָנט, אַז דער פּרעמיער האָט אַמאָל געמוזט הייסן זינקען אַ שיף, ווייל ער האָט זיך געשראָקן פאַר די אומות העולם און בכלל פאַר דעם „לא יהרץ"...

איז אָט דערפאַר האָב איך מוט און איך שרייב אַריין אין מיין



דוד בן־גוריון — ראש הממשלה

בוך אָט דאָס בריוול און איך האָף אויף אַן ענטפֿער. און איך קלער אַפֿילו, אַז עס וואָלט אפשר געלוינט ערגעץ בודק זיין און פֿאַרריכטן ווו מען דאַרף. פֿאַרוואָס זאָל מען גיבן אַ פּיתחון פּה די דאָזיקע, וואָס מיינען שלעכט און אויך די דאָזיקע, וואָס מיינען גוט און טוען שלעכט? פֿאַרוואָס זאָלן מרגלים קענען זאָגן, אַז ישראל איז אַן „ארץ אוכלת את יושביה", אַ לאַנד, וואָס עסט אויף זיינע איינוווינער? און פֿאַרוואָס זאָלן יושבים, וואָס ווילן אויפֿעסן דאָס לאַנד, האָבן וואָס צו ריידן, אפשר איז אָט דער בריוו אַ חוצפּה פֿון מיין זייט, לעבן מיר דאָך אָבער אין משיחס צייטן און עס איז דאָך געזאָגט געוואָרן, אַז בעקבֿאַ דמשיחאַ, חוצפּה יסגאַ, אין די טריט פֿון משיחן, וועט די חוצפּה גרוים ווערן...

כאָטש איך האָב געקראָגן אַ שם פון אַ זשורנאַליסט און כאָטש איך האָב געהאַט אַלערליי פאַרבינדונגען, אַ דאַנק מיין גאַנצער משפחה און באַזונדער אַ דאַנק מיין ברודער נחמן תמיר און כאָטש א. פורמאַן וואָלט אַלס אָנגעזעענער כלל-טוער און אינדוסטריאַל מיט פלענער געקענט קריגן צוטריט צו פאַרשידענע מיניסטעריומס, האָב איך באַשלאָסן, אַז קיין אינטערוויוען גיי איך נישט נעמען ביי די מיניסטאָרן. איך וואָלט אפשר געקענט אַפילו אויספועלן אַ צוטריט צו חיים וויצמאַן אַליין. ער האָט נאָך דעמאָלט געלעבט און איך וואָלט געקענט דורך געוויסע פראָטעקציעס אים זען און מאַכן אויף אים ביידע ברכות, אי שחלק מכבודו לבשר ודם, אי שהחיינו... אויף דעם, וואָס איך האָב דאָס דאָזיקע נישט געטאָן, וועט מיר אַ גאַנץ לעבן באַנק טאָן, אָבער אויף דעם, וואָס איך האָב זיך נישט געיאָגט נאָך קיין אינטערוויוען מיט די מיניסטאָרן, צו לענגערע יאָר זיי אַלע, טוט מיר נישט באַנק.

איך האָב מיר געהאַט מיין חשבון, למאי איך האָב ניט געמאַכט קיין אָנשטרענגונג צו נעמען אינטערוויוען. איך האָב זיך די זאַך פאָרגעשטעלט ממש ווי אַן אַקטיאָר. ווער פון אונדז האָט דען נישט אַמאָל געשפילט אַביסל טעאַטער? איך האָב זיך פאָרגעשטעלט, אַז איך האָב שוין געפועלט אַן אינטערוויו ביים שר החוץ אליין, ביים אויסערן מיניסטער משה שרת. און איך קום צוגיין וואַזשנע אין ביוראָ און איך האָב צוגעגרייט אַ בלייער און אַ פעדער און די סעקרעטאַרשע מעלדעט מיר, אַז איך קען אַריינגיין. זיין עקסעלענץ, דער אויסערן מיניסטער פון ישראל, האָט אַוועקגעלייגט אַלע זיינע ארבעטן און אָפגעלייגט אַלע זיינע וויכטיקע באַגעגענישן מיט פאַרשידענע דיפּלאָמאַטן און ער נעמט מיך, אייזיק מירסקי פון פינסק און בוענאָס איירעס, אויף בכבוד גדול.

און איך קום אַריין. דער חנוודיקער, רירעוודיקער מיניסטער מיט די קליינע וואָנצעלעך און מיט די יונגע און טרויעריק-שמייכלענדיקע אויגן, שטעלט זיך אויף און דערלאַנגט מיר זיין פריינטלעכע האַנט, וועלכע איך האָב סיי ווי שוין געהאַט געדרוקט און ער קוקט מיר אַריין אין די אויגן אַריין און ער זאָגט מיר אי פריינטלעך, אי דיפּלאָמאַטיש:

— נעים לי מאוד להכיר אותך, אדון מירסקי. (עס איז מיר זייער אָנגענעם דיך צו קענען הער..)

וואָס זשע טו איך דערויף? איך קוק אויף אים אַ שמייכלענדיקער און אַ פאַרלוירענער און איך זע זיינע סימפּאַטישע שטריכן און זיין האַרמאָנישע פיגור, וואָס איז נישט הויך און זעט דאָך אויס שלאנק און איך קלער זיך, אַז כאָטש ער זעט אויס אַביסל נאיווו און קינדיש, האָט ער אין זיך עפּעס פוקסישעס אויך. ער האָט דאָך כסדר צו טאָן מיט אַלטע דיפּלאָמאטן, געררייכערטע ליולקעס און מיט אראבישע שאקאַלן פון מידבר און ער מוז שטענדיק אַכטונג געבן און ער דאַרף זען, אַז ער זאָל קיינמאָל נישט אַריינפאַלן. און נאָך דעם, וואָס איך האָב אָפּגעקוקט מיינס, וואָס טו איך נאָך? זיץ איך און איך שווייג, ווי אַ גולם. און אַז איך בין דער גולם, נישט ער, בין איך דאָך זיכער. ער איז דאָך דאָ גאָט די נשמה שולדיק. ער האָט דאָך מיך נישט באַשטעלט, דאָס האָב איך דאָך אים באַשטעלט. שווייג איך שוין אָפּ מיין חלק און איך נעם זיך אָן מיט דוך און מיט מוט און איך זאָג אים:

— אַדוני השר, עקסעלענץ הער מיניסטער... איך בין אַ באַוווסטער זשורנאַליסט אין בוענאָס איירעס...

— אַ באַוווסטער זשורנאַליסט אין ב. איירעס? — פרעגט ער שמייכלענדיק — ווי האָט איר געזאָגט, איז אייער נאָמען?

— אייזיק מירסקי, פאַראַ סערוויר אַ אוסטע, מיין איך צו אייער רשות...

קוקט ער אַזוי אָן פאַרוואונדערט און שמייכלענדיק אויף מיר און איך ווייס נישט, צי ער איז איראָניש, צי ער איז ערנסט. ער איז געניט דיפּלאָמאט צו מאכן אזא מינע, אז מען זאָל נישט דערקענען, וואָס ער טראַכט. אַ דיפּלאָמאט מוז קענען זיין אַ גרויסער אַקטיאָר. און די דאַזיקע, וואָס זאָגן, אז ער איז ענלעך צו טשארלי טשאַפּלין, גרייזן נישט אינגאנצן. ער מוז דאָך קענען שפּילן. און וואָס ער האָט שוין נישט געשפּילט אין זיין לעבן... ער האָט געשפּילט אַ טערקישן אָפּי־ציר און אַ „פריינד" פון די דאָזיקע, וואָס זיינען אונדז שונאים. איך פאַרשטיי, אַז ער קען אַלע שפּילן, אויסער מיינע שפּילן, „פּאָקער", „דערדל" אא״וו... אָבער כאָטש ער טוט אלצדינג, אַז איך זאָל נישט דערקענען, צי ער איראָניזירט מיך, צי ער רעדט ערנסט, ווייס איך דאָך, אַז ער האָט נישט געהערט פון קיין באַוווסטן זשורנאַליסט אייזיק מירסקי, ווייל באַוווסט וויל איך דאָך ערשט ווערן און איך האָף דאָס צו ווערן נאָך דעם, וואָס אָט דאָס בוך מיינס וועט דערשיינען.

קוקן מיר זיך שוין ביידע אָן. ער מאַכט דעם אָנשטעל, אַז ער

דער מליץ יושר...



משה שרת — אויסערן מיניסטער פון ישראל.

האָט, דאכט זיך, געהערט וועגן מיר. איך וויים אויף זיכער. אַז ער האָט נישט געהערט, ווייל — לאָמיר זיך נישט נארן: איך אליין האָב דאָך נאָך אויך נישט געהערט וועגן קיין זשורנאַליסט אייזיק מירסקי. און ביי זיך טראַכט איך, אַז דער מיניסטער טראַכט ביי זיך, אַז איך בין אַן אַנטשעפּעניש, וואָס נעמט ביי אים צו דאָס לעצטע ביסל צייט און דאָס לעצטע ביסל רו, אָבער ער איז אַ דיפּלאָמאַט און ער מוז שמייכלען דיפּלאָמאַטיש און גאָרנישט אַרויסווייזן פון דעם אמת, וואָס ער טראַכט. און ער זאָגט מיר:

— וואָס־זשע וועט איר פרעגן ביי מיר, אדון מירסקי?

— איך וועל אייך פרעגן, אדוני השר — שים איך אַרוים — אין נאָמען פון מיינע, פון אונדזערע לייענער...

— אין וואָס פאַר אַ צייטונג ארבעט איר? — גיט ער מיר פּלוצים אַ פרעג.

רוף איך אים שוין אָן אַ נאָמען פון איינער פון אונדזערע צוויי בלעטער... און אפשר טראכט איך גאָר אוים אַ נייעם נאָמען און ער פרעגט איבער דעם נאָמען און ער ווייסט נישט, וואָס צו זאָגן. אָט וועט ער זאָגן, אַז ער האָט דעם נאָמען קיינמאָל נישט געהערט. אָבער ער איז דאָך אַ דיפּלאָמאַט, מאַכט ער זיך, אַז ער האָט שוין געהערט. און ער גיט מיך אַ פרעג פון וואָס פאַר אַ ריכטונג מיין צייטונג איז און איך זאָג אים, אַז נישט רעוויזיאָניסטיש און נישט מפּמיש... פרעגט ער מיך:

— מפּאי'ש?

— מפּאי'ש אויך נישט...

— אַלגעמיין?

— אויך נישט.

— מיזרחי?

— אוודאי נישט...

קוקט ער מיך אָן מיט זיין טרויעריקן שמייכל און ער פאַרריכט זיך אַביסל די קליינע וואָנציעלעך און ער זאָגט מיר.

— וויים איך שוין, וואָס אייער צייטונג איז נישט, אָבער איך וויים נאָך נישט, וואָס זי איז יאָ. וויל איך שוין פאַררייזן די ציין און איך זאָג אים:

— אונדזערע לייענער ווילן וויסן ווי אזוי עס איז היינט צו טאָג די אויסערן־לאגע פון ישראל און זיי ווייסן, אַז קיינער קען נישט אַזוי ענטפערן אויף אָט דער פראַגע ווי איר.

און איך פיל, אַז ער וואָלט זייער געוואָלט מיר זאָגן, אַז קיינער

קען טאַקע נישט בעסער פון אים די לאַגע, אָבער בין איך אַזוי נאַיִוו צו מיינען, אַז ער קען דאָס דאַזיקע נעמען און דערציילן צו יעדער צייט? דאָס דאַזיקע, וואָס מען מעג אויסזאָגן; דערציילט ער אַלע טאָג און אַלע וויסן דאָס און דאָס דאַזיקע, וואָס ער טאָר נישט אויסזאָגן, וועט ער דאָך מיר אויך נישט קענען דערציילן. אָבער ער איז אַ דיפּלאָמאַט און ער ענטפערט מיר העפלעך און מיט אַ שמייכל און ער זאָגט, אַז ס'איז אַזוי און דאָך אַנדערש און אַנדערש און דאָך אַזוי... מען האָט צו טאָן מיט די אַראַבער, וואָס ווילן נישט אָנערקענען, אָבער מען האָפט. אַמאָל האָבן דאָך אַנדערע פעלקער אויך נישט גע־וואָלט אָנערקענען, אַז עס איז דאָ אַ יידיש פאָלק, וואָס האָט אַ רעכט אויף דעם יידישן לאַנד... און איך פרעג נאָך דאָס זעלבע און ער ענט־פערט נאָך אַמאָל דאָס אייגענע און מיר ריידן און ריידן. איך וואָלט געוואָלט, אַז ער זאָל וואָס מער ריידן און ער וויל דווקא שווייגן און ער פילט זיך אַזוי גוט, ווען ער קען שווייגן.

און עס קומט אַריין די סעקרעטאַרשע, אַ שלאַנק מיידל, אַזוי ווי אַ גאַזעל און זי גיט אַ זאָג, אַז די צייט פון אינטערוויו איז שוין גע־ענדיקט און זי גיט דערביי אַ שמייכל אין מיין זייט אַריין. נישט אומזיסט איז זי אַ סעקרעטאַרשע ביים דיפּלאָמאַטישן מיניסטער. און איך גיי אַוועק און איך פיל, אַז בגפּו יבוא, בגפּו יצא. איך גיי אַוועק מיט דעם, וואָס איך בין געקומען און עס בלייבט מיר איבער צו דער־ציילן, אַז איך האָב גערעדט מיט דעם מיניסטער. און ווען מען וועט מיך פרעגן, וואָס ער האָט מיר געזאָגט, וועל איך דאָך נישט קענען ענטפערן, אַז, ווי מען דערציילט אין וויִץ, אַז ער האָט מיר געזאָגט „פּאַשאָל וואָן”. ער האָט דאָס דאָך טאַקע מיר חלילה נישט געזאָגט. אָבער וואָס ער האָט געזאָגט, האָב איך דאָך נישט צו דערציילן. וואָרום געפילט האָב איך, אַז איך בין פאַר אים אַ זלידניע פליג און אַז אייגנטלעך האָט ער דאָך מיר ניט געקענט אַנטדעקן קיין אמעריקעס. ער וואָלט מיר מיסתמא געזאָגט ביים געזעגענען זיך, אַז אין ישראל האָפט מען, אַז אַרגענטינער יידן וועלן טאָן דאָס בעסטע, וואָס מען קען נאָר פאַר מדינת ישראל. דאָס בעסטע מיט אינוועסטירן קאַפּי־טאַל, דאָס בעסטע מיט שיקן חלוצים... אַז משה שרת וואָלט דאָס דאַזיקע געזאָגט, פאַרשטייט דאָך יעדער אַרגענטינער ייד.

איך פאַרשטיי, אַז איר וואָלט איצטער זייער שטאַרק געוואָלט וויסן, צי איך האָב יאָ, אָדער נישט געהאַט אַזאַ שמועס מיט משה שרת און אַז איר וואָלט געוואָלט אויסנאַרן ביי מיר דעם יאָ, אָדער דעם ניין. זאָג איך, אַז איר וועט דאָס נישט באַווייזן. איך בין, פאַר־

שטייט איר מיך, אַ פּינסקער. און חיים ווייצמאַן האָט געזאָגט, אַז די פּינסקער האָבן פֿאַרבויגענע פֿינגער, ווייל ווען מען שטעלט אַ פּינסקער אַ האַרבע קשיא, פֿאַרבייגט ער קודם כל אַ פֿינגער און ער זאָגט:

„ערשטנס בין איך אַ פּינסקער".

און דערביי בלייבט שוין דער פֿינגער אַזוי פֿאַרבויגן לעולם ועד, אָדער כאָטש ביז מען שטעלט אים נאָך אַמאָל אַ שווערע האַרבע קשיא. דעמאָלט בייגט ער אים אויף און ער פֿאַרבייגט אים טאָקע באַלד נאָך אַמאָל.

אָדער שטעלט אייך פֿאָר, אַז איך האָב איינגעלייגט וועלטן און מיט דער הילף פֿון אַלערליי פּראָטעקציעס האָב איך אויסגעווירקט אַן אוידיענץ ביי דעם פּרעזידענט פֿון כנסת, ה' יוסף שפּרינצאַק, וועלכער איז דעמאָלט געווען פּרעזידענט אין אמת און וועלכן איך האָב געהאַט דאָס פֿאַרגעניגן צו קענען אין אַרגענטינע. ער נעמט מיך אויף נישט אין כנסת, וואָס איז דעמאָלט געווען אויף וואַקאַציעס, נאָר אין פּרעזידענץ, אָדער גאָר ביי זיך אין דער היים און ער נעמט מיך אויף וואַרעם און האַרציק און ער זאָגט מיר:

— איר ווייסט מיסתמא, אַז זייט איך בין געווען אין אַרגענטינע, בין איך געוואָרן אַן אמתער פּאַטריאָט סיי פֿון אַרגענטינער פֿאָלק און זיין רעגירונג און סיי פֿון אַלע אַרגענטינער יידן.

— פֿאַרוואָס — פֿרעג איך אים.

— איר זייט נישט דער ערשטער, וואָס פֿרעגט מיך דאָס. נו, דערפֿאַר, וואָס אַרגענטינע איז אַ טייער לאַנד און האָט אַ גוטהאַרציק פֿאָלק מיט אַ פֿאָלקסטימלעכער רעגירונג און ווייל די אַרגענטינער יידן זיינען אַזוי פֿאָלקסטימלעך און ריידן אַזאַ יידיש, ווי מען רעדט שוין באַלד אין ערגעץ נישט, אויסער אין ארץ ישראל. דאָס יידיש, וואָס מען רעדט אין אַרגענטינע, איז דאָך מלא חן און מלא טעם.

— איר — פֿרעג איך אים — זייט באַגייסטערט פֿאַר יידיש?

— מירסקי — ענטפֿערט ער מיר — אַ פּינסקער זאָל פֿרעגן אַזאַ שאלה! אוודאי בויען מיר ישראל אויף אונדזער היסטאָרישן לשון, אויף עברית און אוודאי ווילן מיר, אַז יידן פֿון אומעטום זאָלן קענען עברית, אָבער ווען מיר קומען אין די תפוצות אַריין און מיר טרעפֿן יידן, וואָס ריידן אַזוי יידיש, ווי מען רעדט אין אַרגענטינע, דערפֿילן מיר, אַז מיר קומען נישט צו שוועסטער און ברידער - קינדער, נאָר טאָקע צו ברידער און שוועסטער.

און איך פֿיל גאָרנישט, ווי דער שמועס האָט זיך אליין פֿאַרבונדן

און איך דארף גאַרנישט שטעלן קיין אָפיציעלע פראַגע און ער נעמט מיך אויף מיט אַ גלעזל טיי און ער פרעגט ביי מיר אויף עפּעס אַ נייעם ווייץ אויף זיין חשבון. און ווען איך חידוש זיך, וואָס ער פרעגט דאָס ביי מיר, ענטפערט ער מיר, אַז ער ווייסט, אַז מען מאַכט וויצן אויף זיין חשבון, אָבער פאַר אים באַהאַלט מען דאָס אויס, אים דערציילט מען זיי נישט.

— גליַיך — זאָגט ער — איך שרעק זיך פאַר אַ וויץ און גליַיך איך קען זיי נישט געבן דריי וויצן „סדאַטשע״ פאַר איינעם אַ זייעריקן און ער קוועטשט דאָס וואָרט „סדאַטשע״ (רעשט) און ער פאַרסמאַקעוועט זיך מיט דעם.

און עס גייט אַוועק אַ סדרה — אַרגענטינע. ער פרעגט זיך נאָך אויף אַלערליי מענטשן. ער געדענקט אַ סך נעמען. פון טורקאָוון איז דאָך אָפּגערעדט. ער האָט דאָך אים אַריינגעשיקט די גאַנצע ביבליאָטעק זיינע און זיין נאָמען איז דאָך אויסגעקריצט אינייִנעם מיט מיטלבערגס אויף אפשר זיבעציק ביכער (אַזוי איז דעמאָלט געווען, איצטער זיינען שוין באַלד דאָ אַריבער נייַנציק). אָבער ער געדענקט נאָך אַ סך אַנדערע זשורנאַליסטן. ער געדענקט אונדזער דעקאַן א. ל. שוסהיים, ער געדענקט מענדעלסאָנען און ער געדענקט באַטאָשאַנסקין, וועלכער איז, זאָגט ער, אַ שטיקל יידישיסטישער שייגעץ, אָבער עס פעלן נישט, זאָגט ער, אויך קיין העברעישע שקצימלעך...

און אַזוי אַ ווי ער זיצט לעבן מיר אַ פעסטער און אַ זיכערער, הייבט ער זיך אויף. אָט, אָט און ער וועט אַ קלאַפּ טאָן מיט דעם האַמער, מיט וועלכן אים קומט אויס צו קלאַפּן אַ סך מאָל, ווען ער דאַרף איינשטילן אַ שטורמישע דעבאַטע אין כנסת. אָבער ער הייבט זיך אויף צו קוקן אויף עפּעס ווייט. ער דערמאָנט די גרויסע פאַרזאַמלונג אין ב. איירעסער לונא פּאַרק וווּ ער האָט גערעדט.

— וויפל יידן זיינען דעמאָלט דאָרט געווען?

— די קאָמוניסטן זאָגן, אַז דרייסיק טויזנט און די יידן זאָגן, אַז פערציק טויזנט... און אַז מיר וועלן זאָגן — גיט ער אַ קלוגן שמייכל — פינף און דרייסיק טויזנט, איז דאָס ווייניק? און וואָס פאַר אַ יידן דערצו! וואַרעמע, האַרציקע... וועלכע יידן זיינען דאָרט פאַראַן מער פון אַלע? פוילישע, ליטווישע, בעסאַראַבישע?

— אַמאָל זיינען געווען מער בעסאַראַבישע, היינט זיינען פאַראַן מער פוילישע. און ליטווישע זיינען אויך פאַראַן אַ סך.

און מיר קוקן זיך אַזוי ביידע אָן און איך פיל, אַז נישט איך נעם

דער, וואָס זיצט אויבנאָן



יוסף שפרינצאק — פּרעזידענט פון כנסת.

ביי שפּרינצאַקן אַן אינטערוויו, נאָר ער נעמט ביי מיר. און איך גיב אים אַזוי אַ פרעג:

— און איר, וואָס פאַר אַ לאַנדסמאַן זיינט איר?

— איר ווייסט דאָך, אַז ביי מיר איז אַ שפּאַרעניש, אַזוי ווי צווישן די שטיינער פון יעקב אָבינו, אָבער ביי מיר איז עס דאָך אַנדערש. דאָרט האָט יעדער שטיין געוואָלט, אַז יעקב זאָל אויף אים לייגן זיין קאָפּ און ביי מיר זאָגט יעדע לאַנדסמאַנשאַפט, אַז איך בין אירער. די בעסאַראַבער מאַכן מיך פאַר אַ בעסאַראַבער, די פּוילישע פאַר אַ פּוילישן, די רוסישע פאַר אַ רוסישן...

— און דער אמת? — פרעג איך.

— דער אמת איז — גיט ער אַ קלוגן שמייכל — אַז מיר טוט הנאה, וואָס זיי מאַכן דאָס נישט פאַרקערט און די בעסאַראַבער זאָגן נישט, אַז איך בין אַ פּוילישער, די פּוילישע, אַז איך בין אַ רוסישער...

— אָבער פאַרט?

— וואָס פאַרט, חבר מירסקי? איר ווילט, אַז איך זאָל זיך צע־קריגן מיט די פּוילישע, אָדער מיט די בעסאַראַבער, אָדער מיט די רוסישע? איך בין פאַר פרייהייט פון מיינונג... זאָלן זיך יידן שפּאַרן. ווען זיי זאָגן חלילה, אַז איך בין נישט קיין ישראַלדיקער, אָדער נישט קיין ייד, דעמאָלט וואָלט איך נישט געשוויגן. ווי אַ יושב ראש פון כנסת טו איך אויך אַזוי! כל זמן מען רירט נישט אָן דעם עיקר, לאָז איך ריידן...

און אין מיטן אָט דעם שמועס וואָלט איך געוויס באַמערקט נאָך אַ ווונק פון שפּרינצאַקן און אפשר דעם קליגסטן פון אַלע און איך וואָלט פאַרשטאַנען, אַז ער האָט וויכטיקערס וואָס צו טאָן און איך וואָלט זיך געזעגנט און אַוועקגעגאַנגען.

און איך זע, אַז איר זייט שוין ווידער נייגעריק און איר ווילט שוין ווידער וויסן, צי איך האָב געהאַט אַן אינטערוויו מיט שפּרינ־צאַקן, אָדער נישט און אַז איר פאַרשטייט מיך נישט אַזוי אויף דעם ווונק, ווי איך וואָלט פאַרשטאַנען שפּרינצאַקן. מאָדנע מענטשן, וואָס איר זייט! איר פאַרשטייט נישט, אַז איך דערצייל אייך, אַז איך האָב נישט אַרויסגעוויזן קיין גייציקייט צו נעמען אינטערוויוען ביי די מיניסטאָרן, ווייל איך האַלט, אַז זיי האָבן וויכטיקערס צו טאָן, ווי צו פאַרלירן צייט מיט זשורנאַליסטן? הלוואי וואָלטן אַלע זשורנאַליסטן אַזוי געהאַנדלט, ווי איך. וואָס שייך שרייבן, זיינען מיסתמא נאָך פאַראַן זשורנאַליסטן, ביי וועלכע איך וואָלט זיך געדאַרפט צולערנען, אָבער וואָס שייך ווי אַזוי צו באַקוקן דאָס יידישע לאַנד און זיך דער־

זוכן ווענן דעם אַלץ, וואָלטן עלטערע און געניטערע זשורנאַליסטן זיך געקענט צולערנען ביי מיר.

איך ווייסט ביי וועמען איך האָב גענומען אינטערוויוען? ביי פשוטע יידן פון אַ גאַנץ יאָר. הונדערטער... וואָס זאָג איך הונדער־טער? טויזנטער יידן האָב איך אויסגעפרעגט וועגן דעם ווי אַזוי זיי פילן זיך אין ישראל, קאַרגע פינף יאָר נאָך דער גרינדונג. און די מיינסטע האָבן געענטפערט. אַ סך האָבן אויך געשוויגן. און אַמאָל האָבן איינציקע מיט דעם שווייגן געזאָגט מערער, ווי אַנדערע מיט דעם ריידן. איך האָב געהערט גוטע מיינונגען און גאָר גוטע און העכ־סטע און מיטעלע און ווייניקער ווי מיטעלע און שלעכטע און גאָר שלעכטע... איך האָב געהערט מיינונגען, וואָס זיינען געווען דאָס העכסטע לויבגעזאַנג און איך האָב געהערט מיינונגען, וואָס זיינען די ערגסטע לשון הרע. אָבער מיינט נישט, אַז די לעצטע האָבן מיך איבערראַשט. אין דעם אַלטן תנכ״ל שטייט שוין אַלץ. אויף משה רבינו האָט מען נישט גערעדט קיין שלעכטס? און אויף ארץ ישראל אליין האָבן די מרגלים נישט גערעדט קיין שלעכטס?

איך וועל אייך נישט איבערגעבן אַלע אינטערוויוען מיינע, ווייל איך וואָלט פאַר זיי אַליין געדאַרפט האָבן עטלעכע ביכער. איך וועל אָבער גאָרנישט באַהאַלטן. איך וועל די ערגסטע אויך געבן. איך וויל נישט ריידן קיין שלעכטס אויף ישראל, דערפאַר טאַקע דערצייל איך אויך די שלעכטע מיינונגען. וואָרום ווען אַלע וואָלטן געזאָגט נאָר גוטס, וואָלט איך אַליין זיי נישט געגלויבט. עס קען נישט זיין אַזאַ מלוכה און אַזאַ רעזשים, וואָס זאָל אַלעמען צופרידנשטעלן. ווען אַלע וואָלטן געזאָגט נאָר גוטס, וואָלט איך געטראַכט, אַז זיי האָבן מורא צו זאָגן דעם אמת און דאָס וואָלט אַרויסגערופן ביי מיר אַ חשד. אַז עס איז נישטאָ קיין פרייהייט פון מיינונג און איך וואָלט קיינעם ניט געגלייבט. און איך בין מער ווי צופרידן, וואָס איך האָב געהערט אויך שלעכטע מיינונגען. איך האָב געהערט יידן ריידן אַזוי, אַז איך האָב געהאַט דעם איינדרוק, אַז זיי בענקען נאָך דעם טאָפּ פלייש אין דייטשלאַנד, פוילן, אָדער רומעניע, כאָטש מען האָט דאָרט די מיינסטע יידן אומגעבראַכט... איך האָב פון איין יידן געהערט די אַלטע „חכמה״, אַז ישראל איז אַ טייער לאַנד — אַלץ איז דאָ טייער.. און איין ייד האָט מיר געזאָגט.. איך גיב דאָס איבער מיט זיינע ווערטער און איך בין גרייט צו שווערן ביי שווארצע ליכט, אַז ס׳איז דער ריינער אמת... ער האָט מיר געזאָגט: „ ישראל איז אַ טייער לאַנד פאַר... אויפהענגען נאַסע וועש. עס ווערט באַלד טרוקן״... און איך

ווייס ביז היינט נישט, צי דאָס איז בלויז געווען אַ חכמה, צי דאָס האָט זיך אַרויסגעשפּיגן די גאַנצע גאַל פֿון אַ פֿאַרביטערטן פֿאַרשוין, וואָס האָט געמיינט, אַז מען האָט אים געדאַרפֿט מאַכן פֿון ישראל אַ טערקישן, אָדער מאַכמעדאַנישן גן עדן און ערשט נאָך פֿאַר אים. די אַנדערע יידן זאָל חלילה נישט זיין אַזוי גוט, ווי ס'האָט געדאַרפֿט זיין אים, ווייל אַנישט וואָלט ער קיין הנאה נישט געהאַט פֿון זיין גוטס־קייט...

איך האָב מיינע „אינטערוויוען" גענומען אויף אַ זייער פּשוטן אופֿן. ווען איך האָב געטראָפֿן אַ מענטשן, וואָס האָט מיר אויסגעוויזן צו זיין אינטערעסאַנט, האָב איך אים אַוועקגענומען אין אַ זייט און געכאַפּט אַ שמועס מיט אים וועגן סאַמע עיקר. פֿאַרשטייט זיך, אַז איך האָב דאָס געטאָן נאָר ווען איך האָב געזען, אַז דער מענטש האָט צייט. וואָרום אַ שמועס טאָן מיט איינעם, וואָס האָט קיין צייט נישט, קען מען נאָר אויף אַ העלפֿט און אַמאָל קען איך אַזאַ איינער אויך אָפּבאָדן און זאָגן, אַז אויב איר זיינט אַ ליידיקגייער, איז ער אייך גאָרנישט שולדיק.

איך האָב געזוכט, אַז מיינע „אינטערוויוען" זאָלן זיין מיט די פֿאַרשידנסטע מענטשן. איך האָב געזוכט, אַז זיי זאָלן געהערן צו די פֿאַרשידנסטע ריכטונגען. איך האָב שוין דערקענט ווער ס'איז אַן אַל־געמיינער, ווער אַ מפּאַי'ניק, ווער אַ מפּמ'ניק, ווער אַ רעוויזיאָניסט און ווער אינגאַנצן אַן אומפּאַרטייאישער. די אָנגעהעריקייט צו די רעליגיעזע פּאַרטייען האָב איך דאָך אוודאי דערקענט. איז איינער גע־גאַנגען מיט אַ יאַרמעלקע און אַ קליין בערדל, איז ער פֿאַר מיר געווען אַ מיזרחי, איז איינער געגאַנגען אי מיט אַ יאַרמעלקע, אי מיט אַ קאַ־פּעליוש, כאָטש עס איז געווען שטאַרק היים, און ער האָט געטראָגן אַ גאַנצע באָרד, איז ער דאָך זיכער געווען אַן אַגודת ישראל'ניק. און אַ הפּועל המיזרחי איז אוודאי גרינג צו דערקענען. ער גייט אָנגעטאָן ווי אַן אַרבעטער, האָט אַ סימן פֿון אַ באָרד און ער טראָגט אַ יאַרמעלקע. און אַ פּועל אַגודת ישראל גייט מיט אַ יאַרמעלקע, אַרבעט־קליידער און טראָגט אַ באָרד. די נטורי קרתא האָב איך אוודאי דערקענט. זיי זיינען אַזוי בייז, ווען זיי זעען אַ יידן אָן אַ באָרד און פּאות, קאַפּאָטע און שטריימל, אַז זיי זיינען אים גרייט דורס צו זיין. די נטורי קרתא דערפֿילט מען גרינג. זיי זיינען שטענדיק גרייט זיך צו וואָרפֿן שלאָגן. איך האָב איינעם פֿון זיי פֿאָטאָגראַפֿירט, האָט ער נאָר גע־וואָלט מיר צעברעכן דעם אַפּאַראַט. און ער האָט זיך געוואָרפֿן מיט די פֿויסטן. איך האָב אים געפּרוווט איינשטילן מיט ווערטער און ער

האָט נאָר געוואָלט זיך שלאָגן. און ווען איך האָב אים געזאָגט, אַז אויב ער וועט מיר צעברעכן דעם אַפּאַראַט, וועט ער עובר זיין אויף בל תשחית, האָט ער מיר געענטפערט, אַז איך האָב אויך עובר געווען אויף בל תשחית, דער אויבערשטער האָט מיר געגעבן זיין געשטאַלט און איך האָב דאָס פאַרדאָרבן. צום גליק איז ער געווען שוואַכער פון מיר און מיין אַפּאַראַט איז געראַטעוועט געוואָרן. אָבער ער האָט מיר אַריינגעזאָגט וויפל נאָר ער האָט געקענט. אפשר הונדערט מאָל „עוכר ישראל" האָט ער מיר געזאָגט און אפשר טויזנט מאָל „פּאַסקודנער ציוניסט". און ער האָט מיר געזאָגט, אַז דער תכלה ממשלת זדון מן הארץ מיינט, אַז עס וועט קומען אַ סוף צו דער ציוניסטישער מדינה...

איר ווילט מיסתמא וויסן, ווי אַזוי איך האָב דערקענט רעוויזיאָניסטן, ווי אַזוי מפּמ'ניקעס, מפּאַי'ניקעס, אַלגעמיינע און רעוויזיאָניסטן? איך אַליין ווייס אויך נישט. דער אינסטינקט האָט מיר אונטערגעזאָגט. צום גרינגסטן איז, נאַטירלעך, צו דערקענען השומר־הצעירניקעס. זיי דערקענט מען אויף אַ מייל די ווייט. זיי האָבן אַן אייגענעם און אייגנאַרטיקן טיפּישן גאַנג און אויסזען. זיי זעען אויס ווי אינטעליגענטן, וואָס זיינען אַרבעטער. פּנימער און קעפּ פון אינטעליגענטן און הענט פון אַרבעטער. און עפּעס זיינען זיי שטענדיק גרייט צו געבן אַ שפּרונג, אַזוי ווי הענער. און די אַנדערע מפּמ"ניקעס דערקענט מען אויך. אויב זיי זיינען גאָר עלטערע און זיי ריידן נאָך מיט דער שפּראַך פון באַראַכאָווס „סטראַטעגישער באַזע" זיינען זיי לינקע פּועלי ציון און אויב זיי זיינען מיטליאָריקע, אינטעליגענטע און פאַרהאָרעוועטע, זיינען זיי געוועזענע „אחדות העבודה'ניקעס", כאָטש אַמאָל קענען זיי זיין אויך מפּאַי'ניקעס. פאַראַן ביי אייניקע מפּאַי'ניקעס אַ געוויסע נייגונג צו אויסזען ווי בן גוריון... און די דאָזיקע, וואָס זעען אויס יאָלדיש באַלעבאַטיש, זיינען אַלגעמיינע ציונים. צווישן די אַלגעמיינע זיינען פאַראַן אַ סך דייטש־ריידנדיקע. אין נײַנציק פּראָצענט פון הונדערט, וועט איר נישט מאַכן קיין טעות, ווען איר וועט אָנעמען אַ דייטש־ריידנדיקן פאַר אַן אַלגעמיינעם ציוני. און אויב איינער רעדט הויך און בייזערט זיך, טאָ זייט זיכער, אַז ער איז אַ רעוויזיאָניסט. אַ קלוגער ייד האָט מיר געזאָגט, אַז זיי האָבן אַזויפיל געשוויגן און געריעדט שטיל ביי די ענגלענדער, אַז זיי נעמען זיך איצטער אָפּ דאָס געשוויגענע און שטיל־גערעדטע פון דעמאָלט און זיי שרייען. און מיסתמא זיינען פאַראַן זאַכן, וואָס טוען זיי וויי. זיי האָבן דאָך געטאָן זייער אַ סך פאַר דעם אויפשטעלן די

מדינה און קענען דער יידישער מדינה ווייל מען זיי נישט אַזוי ווי מען האָט זיי געוואָלט קענען בעווינען...

און מיינט נישט, אַז נאָר אויף פּאַרטייען איז מען צעטיילט אין ישראל. מען איז צעטיילט אויף שפּראַכן און לענדער און אויף קאָלירן אַפילו. עס זיינען דאָ פון מילך־ווייסע ביז קוימען־שוואַרצע יידן. פשוטע שוואַרצע, אַלציינס ווי נעגער פון בראַזיל, אָדער מערב־אַפריקע. עס זיינען שוין אַפילו פאַראַן אַזעלכע, וואָס זאָגן, אַז זיי זיינען דאָ ראַסן־דיסקרימינאַציעס קעגן יידן אין ישראל... און אַפילו רעליגיעס זיינען אויך פאַראַן פאַרשידענע. איך מיין נישט די אַראַבער, וואָס די מיינסטע פון זיי זיינען מאַכמעדאַנער און אַ קלענערער טייל איז קריסטלעך און די דרוזן, וואָס געהערן אויך צו געמישטע רעליגיעס. איך מיין אַפילו נישט דאָס ביסל יידן - קריסטן, וואָס פירן זיך אויף ווי גאַנץ מיאוסע משומדים און זיי זיינען גרייט צו פאַרמסרן אַלע יידן פאַר די קריסטן און דורך בילבולים. איך מיין אַפילו יידן בפועל ממש. עס זיינען דאָ אַשכנזים און ספרדים און ערשט זייענען נישט אַלע אשכנזים אלציינס און נישט אַלע ספרדים אלציינע. די תימנים זיינען נישט קיין אשכנזים און נישט קיין ספרדים. וואָס דאַרפט איר מער? אַפילו וועגן חתונה זיינען אויך נישט אַלע גלייך. פאַראַן געגנוג אַזעלכע, וואָס האָבן צו צוויי און צו דריי ווייבער און וואָס האַלטן, אַז דאָס פאַרבאָטן צו האָבן מער ווי איין ווייב, איז די ערגסטע גזירה און אַז אַפילו אַ שונא־ישראלדיקע, גוישע מלוכה וואָלט אויך נישט געקענט אַרויסגעבן קיין ערגערע גזירה...

פאַראַן אין דער מיט פון תל־אביב אַ געגנט, וואָס הייסט „כרם התימנים" — דער וויינגאָרטן פון די תימנער. מיינט נישט, אַז דאָרט איז טאַקע אַזא וואַזשנע וויינגאָרטן. עס איז אַן אָריענטאַלישער קוואַרטאַל, וואָס דערמאָנט אַביסל אין אַ מאַרק, וואָס איך האָב געזען אין דאַקאַר. די מענטשן מאַכן דאָרט עפּעס ווי קליינע בענקעלעך פון זייערע פּיס און זיי זיצן אַזוי אויף דער ערד. אייניקע רייכערן נאַרגילעס, אַזוי ווי די אַראַבער. און אַז זיי ריידן עברית, איז דאָס מיט דעם האַלדז, אַזוי ווי אַראַביש. איך האָב ביי א סך פון די תימנער גענומען „אינטערוויוען". און איך מוז אייך דערקלערן אָפּנהאַרציק, אַז צווישן זיי האָב איך אפשר געטראָפן די באַגייסטערטסטע יידן פאַר מדינת ישראל. פאַר זיי איז היינט צו טאָג דאָס לעבן אין ישראל אַ גן־עדן. ביי אַ סך פון זיי, וואָלט בן־גוריון געווען משיח... טאַקע ממש משיח. און נישט דוויד, נאָר אויך בן דוויד... דער

איינציקער חסרון איז, וואָס ער דערלויבט נישט צו נעמען מער ווי איין פרוי.

די תימנער רופן אונדזערע יידן נישט אַשכנזים, נאָר „שיכנאַזים" און זיי האָבן נישט קיין פּרעטענזיעס למאַי זיי האָבן נישט קיין מיניסטאָרן פון זייער מיט, ווי עס האָבן אַ סך ספרדים, וועלכע זיינען זייער נישט צופרידן, וואָס זיי האָבן קוים איין מיניסטער אין קאַבינעט, דעם פּאָליציי מיניסטער בכור שיטרית. זיי וואָלטן געוואָלט כאָטש אַ דריטל פון אַלע מיניסטאָרן זאָלן זיין ספרדים. די תימנער האָבן נישט אַזעלכע השגות, זיי ווילן האָבן, אויב נישט אַזויפיל ווייבער וויפל שלמה המלך, איז כאָטש וויפל יעקב אבינו. און ווען איך האָב איינעם אָנגעוויזן, אַז יצחק האָט נישט געהאַט מער ווי איין ווייב, האָט ער מיר געענטפערט:

— האָט פון אים נישט געקענט אַרויסקומען עשו?

מיט ספרדים האָב איך אַ סך געטענה'ט. מיט אייניקע פון זיי האָב איך גערעדט שפּאַניש און איך האָב זיך דורכגעלופּטערט דאָס לשון. איך האָב נאָר געוואָלט וויסן, וואָס זיי וואָלט אַרויסגעקומען, ווען זיי וואָלטן געהאַט מער „אייגענע" מיניסטאָרן. איך האָב זיי געפרעגט, צי ביי די „אייגענע" מיניסטאָרן וואָלטן זיי געקענט פירן אַן אַנדער לעבן, האָבן זיי מיר געענטפערט, אַז דאָ גייט נישט אין קיין אינטערעסן. עס גייט אין כבוד, אין „אָרגויאָ", אין שטאָלץ... פאַרוואָס זאָלן די אשכנזים זיך צונעמען אַלצדינג...

און איך האָב צומאָל אַרויסגעהערט פון די ספרדישע רייד די טענות פון קורחן. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז איך בין אַ ייִנגל און איך לערן די סדרה „קורח" און איך הער די אַלטע טענות. „מדוע תתנשאו על קהל ה'?" פאַרוואָס ווילט איר זיך אויפהייבן העכער איבער דעם גאַנצן פאָלק פון גאָט?... און איך האָב רק געבעטן גאָט, אַז עס זאָל נישט דאַרפן פאַסירן דאָס דאָזיקע, וואָס האָט דעמאָלט געטראָפן אין מידבר.

און דאָך מוז איך אייך זאָגן, אַז דאָס ערגסטע, לויט מיין איבערצייגונג, איז דאָך נישט דער חילוק צווישן די פאַרשידענע שבטים. מען וועט באַהערשן דעם שבט ספרדים, שבט תימנים, שבט „יעקעס" און אַפילו מיסתמאָ דעם שבט המרוקנים, די מאַראָקער יידן, וועלכע לאָזן זיך צום שווערסטן באַהערשן. דאָס ערגסטע זיינען די פּאַרטייען. דאָס גרויסע אַמעריקע מיט די הונדערט און אכציק מיליאָן איינוווינער האָט קוים צוויי פּאַרטייען און ישראל האָט פּאַרטייען, באַהיט זאָל מען ווערן. און די שנאה, וואָס ברענט פון איין

פּאַרטיי צו דער אנדערער. איך שעם זיך דאָס צו זאָגן, אָבער איך מוז דאָס טאָן. איך האָב ביי אייניקע מפמ׳ניקעס — נישט ביי אַלע צום גליק — געטראָפן אַזאַ שנאָה צו די אַלע, וואָס זיינען נישט פאַר דער לינקער אָריענטאַציע, וואָס דערמאָנט אין דער שנאה פון די נטורי קרתאָ. דאָ קען מען יאָ זאָגן, אַז די עקסטרעמען באַגעגענען זיך. די עקסטרעמסטע רעליגיעזע פאַנאַטיקער און די עקסטרעמסטע פּאָליטישע פאַנאַטיקער. די מקי׳ניקעס, די פּשוטע קאָמוניסטן, האָבן מיך נישט אינטערעסירט. וואָס קער איך זיך אָן מיט זיי? וואָס פאַר אַ יידן זיינען זיי? אָבער די מפמ׳ניקעס זיינען דאָך ציוניסטן, וואָלט דאָך ביי זיי געדאַרפט דער ציוניזם שטייען לכל הפחות אויף דעם זעלביקן פּלאַץ, וואָס זייער לינקיזם... און ביי אַ סך איז טאַקע אַזוי. און ביי אייניקע איז עס נאָך בעסער — דער ציוניזם שטייט העכער, ווי דער לינקיזם. אָבער ביי אַ סך — און ליידער טאַקע ביי אַ סך — איז דער ציוניזם שוין גאָרנישט און דער עיקר איז נאָר דער גאָט פון לינקס... איך וויל דאָ זיין נאָר גערעכט. אַפילו ביי די עקסטרעמסטע מפמ׳ניקעס איז די אייגענע מדינה אַ גרויסער יש. זיי ריידן אויף דער מלוכה, אָבער נישט אויף דער מדינה, ווי זייערע „קאָלעגן" פון עקסטרעמען רעליגיעזן פאַנאַטיזם, די נטורי קרתאָ, אָדער ווי זייערע „כאַווירים" פון „מקי", אָבער נאָר ביז עס קומט צו ראַטנ־פאַרבאַנד, ווען עס קומט צו דעם, זיינען פאַראַן אַזעלכע, וואָס וויייזן אַרויס מער אָנהענגערשאַפט צו רוסלאַנד, ווי צום אייגענעם לאַנד...

פאַראַן אָבער נאָך אַ „שבט" אין ישראל, וואָס איז כדאי צו דערמאָנט ווערן. דאָס איז דער שבט פון די „סבראָ׳ס" (סאַבראָס), די געבוירענע אין לאַנד. דאָס וואָרט „סבראָ" מיינט אַ פרוכט אַזאַ, וואָס געפינט זיך אין די קאַקטוס־פּאַלמען. די דאָזיקע פרוכטן זיינען זייער געשמאַק, אָבער זיי זיינען אַרומגענומען מיט שטעכערעס. און מען רופט די געבוירענע אין ישראל „סבראָ׳ס", ווייל מען מיינט צו זאָגן, אַז זיי זיינען אי זיס, אי שטעכיק. און ביידע זאַכן זיינען אמת. זיי זיינען אויסערגעוויינלעך זיס. עס איז אַ פרייד צו קוקן אויף זיי. פון די מיידלעך איז דאָך אָפּגערעדט. זיי שיינען ממש. עס זיינען דאָ אין ישראל הונדערטער סבראָלעך, וואָס קענען ווערן „מיס אוניווערס". אָבער די יינגלעך שטייען אויך נישט אָפּ פון זיי. אייניקע פון זיי וואָלטן געקענט ווערן האָליוווּדער סטאַרס. און זיי האָבן שכל און חכמה. אָבער — זיי זיינען, ווי געזאָגט, שטעכיק. זייער שטעכעדי־קייט באַשטייט אין זייער גאווה. זיי ליידן, על פּי רוב, פון אַ מין סופּעריאָריטעט קאָמפּלעקס. זיי האַלטן זיך פאַר דעם אייבערשטן

פון שטייסל. „ציוניות" (ציוניזם) איז ביי אַ סך פון זיי אַ באַליידי־קונג־וואָרט. זייער וואָרט איז „מולדת" (געבוירנלאַנד). עס זיינען דאָך ביי אונדז אין אַרגענטינע די „קריאָזשאָס" גאווה'דיק לגבי די „גרינגאָס" (גרינע), אָבער ווי קומט דאָס צו דער שטאָלצקייט פון די סבראָס? פון אַלטן ישוב זיינען פאַראַן „סבראָס" פון עטלעכע דורות, אָבער פון נייעם ישוב האַלט דאָס דאָך העכסטנס ביים דריטן דור און די גאווה זייערע איז גלייך, ווי זיי וואָלטן געווען ישראל'דיקע זייט יהושוע בן נון... און זיי ווילן נישט פאַרשטייען, אַז ווען נישט דער ציוניזם, וואָלטן זיי נישט געווען אין ישראל און עס וואָלט קיין ישראל נישט געווען. פאַר אייניקע פון זיי — צום גליק נישט פאַר אַלע! — איז יעדער נישט סבראַ אַ דור־המדברניק, וואָס האָט זיך על־פי טעות אַריינגעפּאַקט קיין ישראל...

און איך האָב גענומען „אינטערוויוען" ביי די אַלערליי „שבטים" קאָלירן, פּאַרטייען, „רעליגיעס", „סבראָס" און „ציוניסטן"... אַלע האָב איך געשטעלט פראַגן און אַלע האָבן מיר אויף זייער שטייגער געענטפערט. איך האָב שוין געזאָגט, אַז לײדער האָב איך נישט קיין פּלאַץ פאַר די אַלע ענטפערס. איך וויל אָבער קאָנסטאַטירן דריי כאַראַקטעריסטישע שטריכן פון אַלע ענטפערס און אָט זיינען זיי: 1) די מיינסטע איינוווינער פון לאַנד געהערן נישט צו קיין שום פּאַרטיי און זיי אינטערעסירט מער דאָס לאַנד און די מדינה, ווי די פּאָליטיק; 2) די מיינסטע, וואָס איך האָב אויסגעפרעגט, פּאַרטייאישע פון דער אָפּאָזיציע בתוכם, האָבן מודה געווען, אַז ווערדליך פאַר קאַרגע פינף יאָר האָט די מדינה אַ סך דערגרייכט און די עצם מדינה אַליין איז די גרעסטע דערגרייכונג, ווייל אַ סך האָבן מורא געהאַט, אַז זי וועט נישט אויסהאַלטן צוליב אינערלעכע רייסערייען און צוליב דעם, וואָס מען וועט נישט קענען איינפירן קיין דיסציפּלין. עס איז אין פּרט פון דיסציפּלין דאָך נישט ערגער, ווי אין יעדן אַנדערן דעמאָקראַטיש דיסציפּלינירטן לאַנד; 3) די סבראַ'ס מוזן מודה זיין, אַז אין דער פרייהייט מלחמה האָבן די נישט־סבראַ'ס געקעמפט מיט דער זעלביקער העלדישקייט, וואָס זיי און אַז זיי האָבן געגעבן נישט ווייניקער קרבנות ווי זיי.

נאָך אָט דעם אַלעמען געזאָגט, איז שוין אייגנטלעך ניט נייטיק צו ברענגען די פּרטים פון די „אינטערוויוען", וואָס איך האָב גענומען, כאָטש זייער אַ סך פּשוטע און אומבאַקאַנטע מענטשן האָבן מיר געזאָגט אויסערגעוויינלעכע זאַכן. איך האָב געטראָפן מענטשן ביי שווערער, שווארצער אַרבעט, וואָס זיינען גרויסע געלערנטע

און באַהאַלטענע תלמידי חכמים און טאַקע חכמים אויך און וועלכע האָבן נישט קיין אנדער באַגער ווי צו לעבן אין אייגענעם לאַנד, נישט ווערן דערנידעריקט און זיך נישט פילן פרעמד. און אויב איך האָב געטראָפן אַזעלכע, וואָס וואָלטן געוואָלט לעבן, נישט ארבעטנדיק און נישט טוענדיק גאָרנישט, אזוי ווי פאַראזיטן, האָב איך אָבער געטראָפן פון דער אנדערער זייט מענטשן, וועלכע ארבעטן טאָפּלט און דרייפאכיק וויפל אַ מענטש דאַרף אַרבעטן. ביי אייניקע פון זיי איז דאָס ארבעטן ממש א שיכרות...

ביי אַ סך גלייכן זיך אוים די רוקנס און זיי ווערן ווי ניי-געבוירן. איך מיין, פאַרשטייט זיך גייסטיק, אָבער אויך פיזיש. איך האָב געטראָפן אַ מיטליאַריקן מענטשן, וואָס האָט גערעדט אַ גאַנץ גוטן שפּאַניש. און עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער האָט געלעבט א לאַנגע צייט אין ארגענטינע. ער האָט געהאט עפּעס אַ שווער און טראַגיש איבערלעבעניש מיט זיין פרוי און ער איז אַוועק פון דאַנען. ער איז געפאָרן קיין טשילע, קיין פּערו און ער איז אָנגעקומען ביז עקוואַדאָר. ער איז געווען אַ לינקער. אין עקוואַדאָר האָט אים דאָס לעבן געשטויסן צו מאכן געשעפטן און ער איז געוואָרן מיטל-רייך. און איין מאָל אין אַ ביינאַכט איז אים אויסגעקומען צו זיין עפּעס ביי אַ גאָלד-מינע און מיט אים איז געווען אַן אינדיאַנער, וועלכער האָט אפילו רעכט קיין שפּאַניש נישט געקענט ריידן. און יענער אינדיאנער האָט אים געזאָגט אין אַ שלעכטן שפּאַניש:

— וואָס טוסטו דאָ? דאָ איז נישט דיין לאַנד. דו ביסט דאָך אַ פרעמדער און דו נעמסט צו ביי אונדז דאָס עסן און די לופט...

— אין יענעם אַ מאָמענט — האָט מיר דער דאָזיקער ייד געזאָגט — בין איך געוואָרן אַ ציוניסט. און דווקא אַן עקסטרעמער ציוניסט. איך בין גלייך געוואָרן אַ רעוויזיאָניסט. מיין פרוי איז געקומען אַ קינד קיין עקוואַדאָר, די קינדער זיינען דאָרט געבוירן געוואָרן, זיי זיינען געווען מער גויים ווי יידן, אָבער איך האָב זייערע געדאַנקען און געפילן געביטן. איך האָב זיי געמאַכט פאַר יידן און איך האָב זיי געבראַכט אַהער. פּשוט אויף כוח געבראַכט. איך האָב זיי געסטראַשעט, אז אויב זיי וועלן נישט פאָרן מיט מיר, וועל איך דאָס פאַרמעגן מיינס צעשטערן און אליין וועל איך אַוועק...

אין ארץ ישראל איז דער דאָזיקער מאָדנער מענטש ווייטער געווען אַ רעוויזיאָניסט און ער האָט געשטיצט דעם „אירגון", אָבער נאָך דעם, וואָס עס איז געגרינדעט געוואָרן די מדינה, האָט ער זיך גענומען בייטן און ווען מען האָט געפייערט דעם דריטן יום העצמאות

איז ער געוואָרן אויס רעוויזיאָניסט. אַן אומפּאַרטייאישער איז ער געוואָרן. און די קינדער ריידן שוין בעסער עברית, ווי שפּאַניש...

פאַר מיר איז אָט דער „אינטערוויו" געווען איינער פון די אינטערעסאַנטסטע, וואָס איך וואָלט געקענט קריגן. איך וואָלט אים נישט פאַרביטן אַפילו אויף קיין אינטערוויו מיט בן גוריונען אַליין. אָט אָ דער ייִד האָט מיר דערציילט אַזויפיל... און מיר טוט באַנק, וואָס איך קען נישט שרייבן קיין גוטן העברעיש און איך קען נישט צונויפנעמען אַלע סבראַ׳ס און זיי דאָס איבערלייענען, בכדי זיי זאָלן פאַרשטייען, וואָס אַזוינס עס מיינט ציוניזם...

פון די „אינטערוויוען" האָב איך געוואָלט אַרויסבאַקומען אַן ענטפער אויף אַ פּראָבלעם, וואָס אינטערעסירט מיך זייער שטאַרק. איך האָב געוואָלט וויסן, צי די קיבוצים האָבן אַ גרויסע צוקונפט און צי די קיבוצניקעס זיינען צופרידן. אַזעלכע קאָלאָניעס ווי עס זיינען די קיבוצים, זיינען, דאַכט זיך, נישטאָ אין דער וועלט. אַן אמת־דיקע קאָמונע, ווו אַלע זיינען גלייך. דער וואָס טוט די שוואַרצע אַרבעט, קריגט נישט ווייניקער ווי דער דאָקטאָר און דער דענטיסט. יעדער קריגט דירה און שפּייז און קליידער און טאַבאַק (אויב ער רייכערט) אַלציינס און דאָס זעלביקע טאַשן־געלט — צוואַנציק פונט אַ יאָר. יעדער קריגט די זעלביקע פּערצן טעג אורלויב אַ יאָר.

און דאָך האָב איך אַרויסגענומען, אַז ביי אַ סך איז פאַראַן אַ געוויסע אומצופרידנקייט מיט דעם לעבן אין קיבוץ. אייניקע ווילן מער אינדיווידועל לעבן, נישט עסן שטענדיק אינאיינעם, נישט זיין כסדר אינאיינעם מיט אַלע און האָבן אַביסל אייגן פאַרמעגן, אויסער דעם קאָלעקטיוון. איך האָב געהאַט דעם איינדרוק, אַז די מושבים, די קאָלאָניעס, וועלכע זיינען ווייניקער קאָמוניסטיש און זיי גיבן מער אינדיווידועלע פרייהייט און לעבן־מעגלעכקייטן, האָבן אַ גרע־סערע צוקונפט. דער מושב איז דער דרך המלך, די גאָלדענע מיט... אפשר מאַך איך אַ טעות. אָבער לויט דער צאָל ענטפערס, וואָס איך האָב געקראָגן, פיל איך, אַז קיין גרויסן טעות האָב איך נישט גע־מאַכט. דער קיבוץ טוט אַלצדינג צו גיבן זיין מיטגליד סיי פיזיש און סיי גייסטיק דאָס נויטיקסטע, אָבער דעם קיבוצניק פעלט עפּעס. ער האָט נישט ליב דעם גרויסשטאָטישן און ער איז אים דאָך מקנא. און למאי זאָל איך לייקענען? אָט איך אַליין וואָלט געוואָלט כאָטש היינט זיך באַזעצן אין ישראל, אָבער ווען איך האָב די ברירה צו אויסקלייבן צווישן אַ מושב און אַ קבוצה, וואָלט איך אויסגעקליבן אַ מושב...

איך וואָלט איצטער געדארפט מאכן אַ סך הכל פון די אַלע „אינטערוויוען”, וואָס איך האָב גענומען, אָבער איר ווייסט דאָך, אַז איך גיב זיך נישט אָפּ מיט קיין הויכער מאַטעמאַטיק. איך האָב אָנגעוואָרפן די ציפערן און דעם אונטערפיר מאַכט אַליין. אָבער אויב איר וועט אויספירן, אַז די דאָזיקע, וואָס האָבן זיך אונטערגענומען צו בויען די מדינה, האָבן גענומען אויף זיך אַ גאַנץ שווער „פּאָדריאַד” אימפּרעזע מיין איך, וועט איר מאכן דעם ריכטיקן אויספיר. און אויב איר וועט אַרויסלערנען פון מיינע „אינטערוויוען”, אַז בן גוריון און זיינע חברים זיינען דערוויייל ברוך השם נישט קיין שלעכטע „פּאָדריאַטשיקעס”, וועט איר ווידער האָבן ריכטיק פאַרשטאַנען מיין געדאנק.

עס גייט שוין צו נעילה. עס האַלט שוין דערביי, אַז אונדזער נסיעה זאָל קומען צו איר סוף און מיר זאָלן זיך אַרויפזעצן אויף אַ נייער שיף און צוריקפאָרן. און איך וויל זיך אַליין מאַכן אַ סך־הכול פון מיין נסיעה. ביים פאָרן אַהין האָב איך געפּרוּווט מאַכן אַ שטיקל דין־וחשבון פון מיין גאַנצן לעבן, ערב מיין אָפּפאָרן, וויל איך מאַכן



זייט געזונט ... —ביידע אייזיקס געזעגענען זיך מיט פורמאַנס משפחה, ביים פאַרלאָזן מדינת ישראל.

אַ שטיקל דין־וחשבון פון מיין רייזע קיין און איבער מדינת־ישראל, וואָס איז ביי מיר אַזויפיל ווערט וויפל דאָס גאַנצע לעבן.

איך פאָר נישט אַוועק ווי אַ מרגל... אָבער אייניקע ווערטער פון די מרגלים וועל איך דאָך נוצן. און איך וועל בעטן גאָט, אַז מען זאָל מיך נישט שלעכט פאַרשטיין, ווייל אַליז, וואָס אַ מענטש זאָגט, קען

מען טייטשן ריכטיק און נישט ריכטיק. אַפּילו דער טעם פֿון עסנס איז נישט שטענדיק קיין גלייכער. אַמאָל פּילט מען איין טעם און אַמאָל אַ צווייטן. אין ישראל האָבן מיר אין אַ סך רעסטאָראַנען גע־געסן קעז, סמעטענע, זויער מילך און פּוטער. און אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז די פּוטער איז גאָר געווען מאַרגאַרין. נאָכגעמאַכטע פּוטער! אָבער זי האָט געהאַט פּונקט דעם זעלביקן טעם, וואָס פּוטער. דאָס אייגענע איז געשען מיט פֿיש און פֿלייש און שאר ירקות. מיר זיינען געווען זיכער, אַז מיר עסן פֿלייש און ס'איז געווען נאָכגעמאַכט, ער־זאַץ, דאָס זעלביקע מיט פֿיש. ניין. מען שטאַרבט נישט פֿאַר הונגער. און אַז עס פֿעלן נישט קיין פּרוכטן, איז דאָך אָפּגערעדט. נישט אומ־זיסט רעדט מען מיט אַזאַ התלהבות וועגן „מפּרי הארץ" — די פּרוכטן פֿון לאַנד. מען זאָגט אויך „וזה פּריה" — דאָס איז די פּרוכט פֿון לאַנד. מאַראַנצן, וויינטרויבן, ציטרינען, אתרוגים... אָט די אַלע ישראל־פּרוכטן האָבן אַ שם אין דער גאַנצער וועלט. און די מרגלים האָבן געוווסט, וואָס זיי זאָגן, ווען זיי האָבן דערציילט „כי טובה הארץ מאוד" — דאָס לאַנד איז זייער גוט. עס איז היינט פֿאַרלאָזט, אָבער עס איז גוט און עס קען אַלץ ווערן בעסער און בעסער. יאָ, איך בין מסכים מיט די מרגלים, אַז כי טובה הארץ מאוד — דאָס לאַנד איז זייער גוט.

די מרגלים האָבן אויך דערציילט וועגן ריזן, וואָס זיי האָבן גע־זען אין לאַנד, די „ענקים". נו, איך האָב אויך אַזעלכע געזען. אָבער נישט קיין פֿרעמדע זיינען דאָס געווען, נאָר אייגענע. די אייגענע יידישע יוגנט. והיינו בעיניהם כחגבים — מיר האָבן אויסגעזען ביי זיי אין די אויגן, ווי היישעריקן. מיר האָבן רק גערעדט וועגן פּרע־סעכיץ. זיי לעבן נישט צוליב דעם פּרעס... וכן היינו בעיניהם. מיר אַליין האָבן זיך אויך אַזוי געפֿילט. זיי האָבן זיך אויפֿגעהויבן העכער און זיי זיינען געוואָרן אַנדערש...

ישראל האָט אַ סך פֿעלערן. פֿאַרשוויגן פֿעלערן איז אַמאָל אַ גו־טע זאַך און אַמאָל אויך אַ שלעכטע זאַך. אַמאָל דעקט אויף פֿעלערן אַ שונא און אַמאָל — אַ פֿריינד. אַנדערש קוקט אויף ישראל אַ קאָמו־ניסט, אַנדערש אַ רעוויזיאָניסט און אַנדערש אַן אַלגעמיינער ציו־ניסט, כאָטש אַלע זיינען קעגן דער רעגירונג, און אַלע קריטיקירן זי. אין יענער צייט זיינען די אַלגעמיינע ציונים נאָך נישט געווען אין דער רעגירונג. און מפּ"ם קריטיקירט נאָך מערער ווי אַלע. און נישט אַלע מפּ"ניקעס זיינען גלייך. ביי אייניקע איז דאָס יידישע פֿאָלק

און יידישע לאַנד פאַר אַלעמען און ביי איינינקע איז דער „פּראָגרעס" (וואָס איז רעגרעס) דער עיקר. אָבער אויב איך האָב אויסגעלייגט מיינע טענות צו דער רעגירונג, דאַרף איך אויסלייגן אויך מיינע טע־נות צו דער אָפּאָזיציע.

איך מוז לײדער קאָנסטאַטירן אַז עס זיינען פאַראַן זייער אַ סך קעגנער פון דער רעגירונג, וואָס זיינען מער ווי אַלץ פּערזענלעך. איך האָב דאָך שוין געזאָגט: אַ פּרעמיער און אַ פּרעזידענט זיינען פאַראַן גאָר צו איינע, אַ ראש העיריה איז אין יעדער שטאָט דאָ איינער, מי־ניסטאָרן זיינען דאָ פּופצן און דעפּוטאַטן זיינען פאַראַן הונדערט צוואנציק. און אַ מלוכה זיינען מיר פון לויטער גאונים און לויטער מלכים. און ווי גרויס דער עקספּאָרט פון שליחים זאָל נישט זיין, באַ־פרידיקט ער נישט אַלע, יעדער וויל פאָרן קיין חוץ לארץ און באַווייזן גרויסקייט.

און די געסט, די טוריסטן האָבן אויך טענות. דערווייל איז די הסתדרות און דער סולל ובונה נישט געבויט געוואָרן מיט קיין קאַ־פּיטאַלן פון אַרגענטינער און אַמעריקאַנער יידישע גבירים און מ׳קען נישט פאַרלאַנגען, אַז אָט די אָרגאַניזאַציעס זאָלן אינגאַנצן בייטן זייערע סטאַטוטן און רעגולאַמינען צוליב יעדן גאַסט מיט אַביסל מער, אָדער ווייניקער געלט.

איך גיב אָבער אויך צו, אַז אַ מיניסטער און אפילו דער פּרעמיער אַליין קען אויך אַ טעות מאַכן. יעדער איז דאָך אַ בשר ודם. פאַר די קאָמוניסטן איז סטאַלין (געווען) אַ גאָט, ער האָט קיין טעות נישט געקענט מאַכן. איך גלויב אָבער נישט, אַז עס זאָל זיין איין מפאיניק. וואָס זאָל האַלטן בן־גוריונען פאַר אַזאַ איינעם וואָס קען קיין טעות נישט מאַכן. אַ טעות איז מענטשלעך און קיין מלאכים זיינען נישטאָ אין דער רעגירונג. אַלע זיינען מענטשן.

אָט־אָ דער מענטשלעכער צוגאַנג וואָלט געדאַרפט גילטן פאַר יעדן. ער וואָלט געדאַרפט גילטן פאַר אַלע, וואָס וווינען אין לאַנד און פאַר די אַלע, וואָס ווילן זיך דאָרט באַזעצן. יעדער, וואָס פאָרט אַהין וואָלט געדאַרפט פאָרן נישט ווי קיין פּאָליטיקער און נאָר ווי אַ מענטש און ווי אַ ייד. און איך אַליין, וואָס זוך אַ מעגלעכקייט זיך צו באַזעצן אין לאַנד, האָב אויך אַזאַ צוגאַנג.

און אָט דערפאַר אפשר האָב איך זיך נישט צעוויינט, ווען איך האָב זיך ביים אַוועקפאָרן געזעגנט מיט מיינע ברידער, שוועסטער, שוואָגער, שוועגערנס. פּלימעניקעס און פּלימעניצעס, ווי איך האָב זיך

צעוויינט, ווען איך בין אָנגעקומען. איך האָב געוווסט, אַז איך פֿאָר אַוועק און איך פֿאָר נישט אַוועק. אַ שטיק האַרץ בלייבט דאָרט שטענדיק. אַבאַ חושי האָט מיר געזאָגט: „איר וועט קומען אַלע אַהער". אויב נישט אַלע, איז אַ סך און אויב נישט פֿריער, איז שפּעטער. עס זיינען דאָ אַ סך חסרונות, אָבער ס'איז דאָ איין מעלה, וואָס איז גרעסער פֿון אַלע: ס'איז דאָס אייגענע לאַנד און אַ גוט לאַנד...

טרומפּלדאָר האָט געזאָגט: „טוב למות בעד ארצנו" — גוט צו שטאַרבן פֿאַר אונדזער לאַנד. און ער אַליין האָט דעם ביישפּיל געוויזן. און אַ סך האָבן דערנאָך דעם ביישפּיל געוויזן. טויזנטער יוגנטלעכע זיינען געשטאָרבן פֿאַר דעם לאַנד. און איצטער האַלט עס שוין דערביי, אַז מ'קען זאָגן: ס'איז גוט צו לעבן אין גוטן, אייגענעם לאַנד.

**התחיינה העצמות האלה?**
(יחזקאל ל״ז)

ווען איך האָב געלערנט „יחזקאל״, בין איך אַלט געווען ניין יאָר. און איך געדענק ווי היינט דאָס זיבן און דרייסיקסטע קאַפּיטל פון אָט דעם ספר, ווי דער רבי האָט דאָס מיט מיר געלערנט. דער נביא יחזקאל דערציילט, אַז גאָט האָט אים געבראַכט אין אַ טאָל און האָט אים געוויזן אַ באַרג מיט ביינער און ער האָט געפרעגט: „התחיינה העצמות האלה? ווערן אָט די ביינער לעבעדיק ווערן? און דער האַר פון דער וועלט, ווערט ווייטער דערציילט, האָט דורכגעפירט אַ ווינט און די ביינער זיינען איבערגעצויגן געוואָרן מיט פלייש און הויט און זיי האָבן אויפגעלעבט.

וואָס איר האָט געקלערט, ווען איר האָט געלייענט יענע געשיכטע, ווייס איך נישט, איך אָבער האָב זיך געקלערט דעמאָלט, אַז דער רבי איז, נישט דאָ געדאַכט, משוגע און אַז יחזקאל אַליין איז געווען אַ בבא-מעשה-דערציילער. ווען מיר האָבן געלייענט אַזעלכע מעשות, זיינען מיר בעל כרחך געוואָרן שטיקלעך אַפּיקורסים. ווען דער רבי וואָלט געווען דערקלערט, אַז דאָס איז אַ משל, וואָלטן מיר אים געווען געגלויבט.

אָבער, ווען איך בין געווען אין ישראל און איך האָב זיך אַרומגעדרייט אַ מעת-לעת אין מעברות (איבערגאַנג לאַגערן) מיט די נייע עולים, האָב איך איינגעזען, אַז דער רבי איז נישט געווען משוגע און יחזקאל האָט נישט דערציילט קיין בבא-מעשות. און דעם לעצטן יום-כיפור, ווען איך בין געווען אין שיל און זיך געקלאַפּט על-חטא, האָב איך זיך געגעבן אַ שטאַרקערן קלאַפּ ביי „על חטא שחטאתי בהרהור הלב״. — פאַר דער זינד פון איבערטראַכטן אַפּיקורסיש. די ביינער, וואָס זיינען אַהער געקומען פון מיידאַנעק, טרעבלינקע, אָשוויענציטשים, תימן, איראַק און מאַראָקע, האָבן זיך דאָ באַדעקט מיט פלייש, אָדערן און הויט און זיי זיינען לעבעדיק געוואָרן.

— איך בין שוין געווען אין גאַז-קאַמער — זאָגט צו מיר שלמה

רוטניק — 34 קילאָ האָב איך שוין געוווּיגן. און 34 קילאָ וועגן דאָך די ביינער אַליין.

— און איך בין שוין געווען — זאָגט מיר רזיאל שטיינוואַלד — אַ סקעלעט. קיין פליישׁ האָב איך שוין נישט געהאַט.

ווי שטייט דאָרט — על נהרות בבל, ביי די טייכן פון בבל, זייַנען מיר געזעסן און געוויינט, ווען מיר האָבן זיך דערמאָנט אין ציון. איך בין געזעסן אין ציון און איך האָב געוויינט, ווען לאה שאַמער־זאָן האָט מיר דערציילט וועגן אומקום פון איר מישפּחה אין טרעבלינקע. ווי אַזוי זי האָט זיך געראַטעוועט, ווייסט זי אַליין נישט. אָבער זי לעבט פאָרט. אפשר איז זי ניצול געוואָרן על פּי רוח הקודש, אפשר דורך יחזקאלן, אפשר דורך דוד בן גוריון. קיין חילוק איז עס דאָך נישט. אָט דאַרף זי אַביסל צוקער. און ס'איז טאַקע אויף מאָרגן געקומען אַ דזשיפּ און געבראַכט צוקער.

מיינט נישט, אַז ס'איז זייער גוט די דאָזיקע ביינער, וואָס זייַנען באַדעקט געוואָרן מיט פלייש. און זיי האָבן טענות צו אונדזער־לאַנד. אַ סך האָבן שוין פאַרגעסן, וואָס זיי האָבן דורכגעמאַכט, זיי זייַנען דאָך שוין געוואָרן אוים ביינער. זיי ווילן שוין פליישׁ און בכלל בעסערע שפּייז. די ערשטע צייט האָט מען זיי געגעבן ברויט, גרינס, מאַרגאַרין, זיי האָבן זיך שוין געהאַט צוגעוווינט צום לחם הקלוקל און מיטאַמאָל האָט מען זיי געהייסן גיין אַרבעטן. אויף דערויף האָט מען זיי אַהער געבראַכט?

אָבער נישט אַלע קלאָגן זיך. טאַקע דער רוב קלאָגט זיך נישט. זיי בעטן אַלע טאָג בשלומה של מלכות און זיי בעטן באַזונדער, אַז בן גוריון זאָל זיין געזונט. זיי ווייסן, אַז דער „מגבית", דער פּאַרייניקטער קאַמפּיין טוט אַ סך גוטס פאַר זיי, אָבער — זאָגט עקיבא שלאָס, אַ ייד קיין עין־הרע פון אַריבער שבעים: מיר זייַנען זייער אַ סך און אונדז איז נישט גרינג צו אויסהאַלטן. און אין איין וועג האָט ער שוין אויסגעדריקט אַ ספק, צי אַלץ, וואָס מען גיט, קומט אָן. אויף דעם האָבן אים מיינע לאַנדסלייט אייזיק פורמאַן און אָשר גראָקאָפּ בעסער געקענט ענטפערן. איך האָב קיינמאָל זיך נישט אָפּגעגעבן מיט קיין זאַמלונגען, אָבער איך ווייס, אַז הושד זיין איז די גרינגסטע זאַך. נישט אומזיסט האָט מען געזאָגט: „החושד בכשרים, לוקח בגופו" — ווער עס איז חושד אומשולדיקע, קריגט מכות... מיסתמא זייַנען פאַראַן אַ סך, וואָס זייַנען חושד אומשולדיקע און מיסתמא זייַנען דאָ נישט קיין אומשולדיקע אויך... קיין באַלאַנס האָב איך נישט גע־

קענט גיבן יעדן איינעם און קיין גרויסער בעל חשבון בין איך אויך נישט. מער ווי ביז הונדערט טויזנט האָב איך קיינמאָל נישט גע־ציילט. און ערשט נישט קיין אייגנס. איך האָב פאַרזיכערט ר׳ עקיבאָן, אַז זייער אַ סך גיבן אַוועק די בעסטע צייט, וואָס זיי האָבן נויטיק פאַר דער אייגענער פרנסה.

און צו די דאָזיקע יידן, וואָס גיבן ווייניקער וויפל זיי דאַרפן, אָדער זיי גיבן גאָרנישט, וואָלט איך געזאָגט: פאָרט קיין ישראל, גייט אין די מעברות אַריין און זעט דאָרט, ווי עס איז מקוים געוואָרן יחזקאלס נבואה און ווי אַזוי אַ באַרג מיט ביינער איז פאַרצויגן גע־וואָרן מיט פלייש, אָדערן און ביינער, וועט איר בעסער ווערן...

און ווען איך בין אַוועקגעפאָרן פון די מעברות, האָבן מיר גע־האַלטן אין איין קלינגען אין די אויערן די ווערטער פון יחזקאלן: כה אמר... אַזוי האָט גאָט געזאָגט: איך עפן אייערע קברים און וועל אייך, מיין פאָלק, אויפברענגען פון די קברים און אייך ברענגען אויף דער ערד פון ישראל און איך וועל אַריינגיבן מיין גייסט אין אייך און איך וועל אייך לאָזן רוען אויף אייער ערד... רו האָבן זיי שוין, אָבער נאָך עפּעס דאַרף מען אויך. דער נביא האָט געטאָן זיינס און דאָס פאָלק ווו איז? ווו זיינען די דאָזיקע, וואָס האָבן צופיל פלייש?

און אַט פאָרן מיר צוריק אַהיים. נייע שיפן, אַ נייע געזעלשאַפט, נייע עקסקורסיעס. און קיין שום זאַך מאַכט אויף מיר נישט קיין איינדרוק, אַלץ איז פאַר מיר וואָכעדיק. איך זוך ווי ווייט מעגלעך צו בלייבן אַליין און זיך ווייטער נעמען צום שרייבן, אָבער אַ מאָדנע זאַך: פאָרנדיק קיין ישראל, האָב איך געהאַלטן אין איין שרייבן. אין ישראל גופא האָב איך אוודאי געשריבן און ביים צוריקפאָרן, שרייבט זיך עפּעס נישט. און עס וואָלט דאָך געווען וועגן וואָס צו שרייבן. מיר זיינען דאָך געווען אין ווענעציע, אין דער שווייץ, אין פּאַריז. און עס איז דאָרט געווען וואָס צו זען, אָבער — איין מאָל ניין — עס שרייבט זיך ניט.

די „אבאציע" אַליין איז אַ גאַנץ פיינע „לאָדקע", אָבער עס איז פאָרט נישט דער איינדרוק וואָס ס'האָט אַהין צו וועגס געמאַכט די שיף „נגבה". עס שמעקט דאָ מיט עבודת גילולים, עס איז גוייש. און אויב איך לעב אויף פון צייט צו צייט, איז עס, ווען יידן ריידן וועגן ישראל.

אַביסל יידן זיינען מיר אויף דער שיף און מען טיילט זיך מיט די איינדרוקן וועגן דעם יידישן לאַנד. אַ סך ריידן מיט באַגייסטע־רונג און זיי זיינען אין היתלהבות פון דעם, וואָס זיי האָבן זוכה גע־ווען צו זען דאָס אייגענע לאַנד. און זיי פאָרן טאַקע ליקווידירן די געשעפטן און פאַרפּאַקן די בעביכעס און „איך פאָר אַהיים", ווי עס זינגט זיך אין לידל. זיי האָבן טאַקע באַמערקט אַ סך פעלערן אין ישׂ־ראל, זיי האָבן דאָרט טאַקע נישט געגעסן קיין הינדלעך, קאַטשקעס און די באַרימטע אַרגענטינער ביפשטעקן, וואָס הייסן „ביפע דע לאָמאָ", אָבער עס איז פאָרט אַנדערש. עס איז יידיש, עס איז אייגן. וווּ מען גיט אַ טראָט, שוועבט דער רוח הקודש. די חסרונות וועלן פאַרבע־סערט ווערן. די מדינה איז דאָך פאָרט נישט אַלט מער ווי פינפטהאַלבן יאָר. עס פאָרן אָבער ליידער אויך אַנדערע יידן. עס פאָרן יידן, וועל־כע ריידן ווי די אַמאָליקע מרגלים. דער פריינד מיינער א. פורמאַן און דער טייערער קאָרדאָבער ייד ברוסי האַלטן זיך אין איין קריגן מיט זיי.

— וואָס הייסט — טענהט אַ דרום-אַפריקאַנער ייד, וואָס עס גלוסט זיך אפילו זיין נאָמען ניט דערמאָנען — אַזוי־אָ נעמט מען

אויף אַ יידן, וואָס גיט יעדעס יאָר פּופציק פונט אויף דעם קאַמפּיין?
און איר ווייסט, וואָס אַזוינס מען האָט אים געטאָן? ער איז זיך געגאַנגען זען מיט אַ מיניסטער, צו וועלכן ער האָט געהאַט אַ רעקאָמענדאַציע, האָט מען אים געהייסן וואַרטן צוויי שעה. דאָס איז די גרויסע „עוולה", וואָס מען האָט אים געטאָן. ער האָט געוואָלט, אַז דער מיניסטער זאָל שטענדיק שטייען און וואַרטן אויף אים און די גאַנצע מדינה זאָל זיך פאַר אים שטעלן „פאַד קאַזיראַק".
עס פאָרן אויך אַ סך קריסטן פון ישראל. פון זיי טיילט זיך אויס אַ וועגעזוועלאַנער פאַר־פאָלק, כואַן א. פערנאַנדעז ורעיתו. אָט דאָס פאַר־פאָלק רעדט באַזונדער גוט וועגן לאַנד. זיי זיינען געווען אין איי־ניקע אַראַבישע לענדער, זיי קומען טאַקע איצטער פון ביירוט. זאָגט דער סעניאָר פערנאַנדעז: „וואָס זאָל איך אייך זאָגן, קינדערלעך? אייער לאַנד איז פאָרט אַנדערש, ווי די אַראַבישע מדינות. און איך מוז אייך זאָגן, אַז נאָך דעם, וואָס איך האָב באַזוכט ישראל, האָב איך געקראָגן מער רעספּעקט פאַר די יידן פון אומעטום". ער איז אַזוי באַגייסטערט פאַר אונדז, אַז ער בעט דערלויבעניש צו עסן מיט אונדז ביין איין טיש. „בבקשה, סעניאָר פערנאַנדעז" — ענטפערן מיר אים. און דער ערל איז מבין. ער ווייסט שוין, וואָס „בבקשה" הייסט. ער קען נאָך אַ סך העברעישע ווערטער און ער רעדט זיי אַרויס מיט דרך־ארץ. עס איז גאָרנישט ענלעך צו דעם, ווי אַ גוי פלעג אַמאָל נאָכקרימען אַ יידן און ער פלעג אָפּלאַכן פון יעדן יידישן וואָרט. עס איז היינט אַן אַנדער צייט. פון „זשיד" איז געוואָרן „ישראלי" און דאָס וואָרט „כודיאָ" האָט אויך אַן אַנדער טייטש און אַן אַנדער טעם. עס איז אָבער אַ שאָד, וואָס מיר אַליין גיבן זיך נישט אָפּ קיין רעכענונג און מיר באַגרייפן נישט, וואָס ישראל האָט אויפגעטאָן פאַר אונדז. מיר זעען נישט אויף וואָס פאַר אַ העכערער מדרגה די יידישע מדינה האָט אונדז געשטעלט.
און איך זיץ אַזוי און איך באַטראַכט דעם אַפריקאַנער יידן, וואָס האָט די „גרויסע" טענות און איך באַטראַכט ענלעכע יידן און איך קלער זיך, אַז נישט אַלע יידן, וואָס זיינען אַרויס פון מיצרים, זיינען אומגעקומען אין די פערציק יאָר, וואָס מיר זיינען געגאַנגען אין מידבר. עס זיינען פאַרבליבן ביז היינט אַזעלכע, וואָס שרייען: „זכרנו את הדגה, אשר אכלנו במיצרים". מיר געדענקען די פיש, וואָס מיר האָבן געגעסן אין מיצרים. און ווען איך זאָג זיי, אַז „לא על הלחם לבדו יחיה האָדם" — נישט אויף ברויט אַליין לעבט דער מענטש, זאָגן זיי, אַז זיי קענען נישט קיין לשון קודש.

אַ מאָדנע זאַך: די דאָזיקע מין מרגלים האַלטן זיך באַזונדער. עפּעס ווי דער עולם וואָלט דערפילט, אַז ער דאַרף זיך מיט זיי נישט חברן און יעדער פון אונדז הערט ממש די ווערטער פון יעקבן: „בקהלם אל יחד כבודי" — מיין כבוד זאָל נישט זיין צווישן זיי.

לעבעדיק איז אין דריטן קלאַס. דאָרט איז ממש ליהודים. מען טאַנצט טאָג און נאַכט. יינגלעך מיט מיידלעך פילן אָן הערצער מיט פרייד און אָפּטימיזם. עס געפינען זיך דאָרט אַ זעכצן בחורים און בחורות, וואָס קערן זיך אום פון ישראל, וווּ זיי זיינען געווען אַ יאָר צייט און זיי האָבן דורכגעמאַכט אַ קורס פון אינסטרוקטאָרן און איצטער פאָרן זיי צוגרייטן חלוצים פאַר דעם לאַנד. אַלע פּאַסאַזשירן לויפן קוקן אויף זיי. אויך די קריסטן. פאַראַן צווישן זיי עקודים, נקודים וברודים, איך מיין: מפא"י, מפ"ם, השומר הצעיר, רעוויזיאָניסטן. אָבער דאָ הערשט אחדות צווישן זיי! אויף דער כנסת געזאָגט געוואָרן. פון די צוויי רעוויזיאָניסטן, וואָס פאָרן, איז איינער אַ גאַנצער הויפּט־קאָמענדאַנט ביי בייגינען. זיין נאָמען וועל איך נישט אויסזאָגן. איך האָב אים דאָס צוגעזאָגט. און כאָטש ער איז מיר אַ פּאָליטישער קעגנער, וואָלט איך געוואָלט, אַז אונדזער פאָלק זאָל האָבן אַ סך אַזעלכע ווי ער. גאַנץ אָפט גיט ער אונדז רעפעראַטן און ער וויל, נאַטירלעך, אונדז באַווירקן לטובת זיינע איבערצייגונגען, אָבער די חברה לאָזט זיך נישט. ער האָט אַ שיינע שטימע און די לידער, וואָס ער זינגט זיינען פון און פאַר אונדזער לאַנד. די אויפגאַבע פון זיין שליחות איז מיר אומבאַקאַנט, אָבער איך בין אים גרייט געווען צו ווינטשן הצלחה.

מיט מיין חבר פורמאַן געפין איך זיך אויף אָט דער שיף אין איין קאַבינע, אָבער מיר זעען זיך זייער זעלטן. די לעצטע צייט, דאָס הייסט: זייט מיר פאָרן צוריק פון ישראל, איז ער שטאַרק פאַרנומען. ער גיט רעפעראַטן. ווו נאָר עס געפינען זיך צוויי יידן, איז ער דער דריטער. און ער רעדט נאָר וועגן ישראל. דער עולם האָט מורא צו קריטיקירן דאָס לאַנד אין זיין קעגנוואַרט. אפילו איך מוז באַהאַלטן פאַר אים אַ פּאָר קאַפּיטלען פון מיין בוך, ווייל איך האָב מורא פאַר זיין צענזור. ער וויל נישט הערן וועגן קיין קריטיק. „דער רבונו של עולם, זאָגט ער, האָט אונדז צוגעזאָגט דאָס לאַנד, האָט ער אונדז דאָס געגעבן. אלא וואָס אנבאַלאַנגט אין לאַנד, לאָמיר אַריינפירן וועלן מיר האָבן". איר הערט, קינדערלעך, ווען אין סדום וואָלטן געווען צען פורמאַנס, וואָלט די שטאָט געשטאַנען אַ גאַנצע נאָך היינט און לוטס ווייב וואָלט נישט געוואָרן קיין בארג זאַלץ.

אפּנים, אַז מיין ווייניקייט, פּורמאַן, דער הער ברוסי פון קאַר־דאָבאָ און זיין פרוי זיינען מיר סימפּאַטישע מענטשן. ווער עס באַקענט זיך מיט אונדז וויל דווקא זיין אין אונדזער געזעלשאַפט. אין זוענעציע, אין האָטעל „אייראָפּע”, האָבן מענטשן געקלעפּט צו אונדז ווי בינען צו האָניק, און אונדז ווילט זיך דווקא זיין אַליין און זיך דורכריידן און טיילן מיט די איינדרוקן.

דאָס באַפריינדן זיך מיט דעם הער ברוסי איז פאַר אונדז געווען אַ ווינטשפינגערל, נישט אַנדערש, אַז גאָט זיצט אויבן און ער פאָרט אונטן. מיין „צווייטע העלפט”, פורמאַן, ווייסט איר דאָך, איז אַ רויכוואָרגער, אַ „פּעלעטעראָ” זאָגט מען אין אַרגענטינע. מיין ווייניקייט איז אַ שרייבער, אָדער איך האָב זיך איינגערעדט, אַז איך בין אַ שרייבער און ווער ווייסט נישט, אַז אַן איינגערעדטע קרענק איז ערגער ווי אַן אמתע? און דער הער ברוסי איז ביידע זאַכן אינאיינעם: ער איז אַ רויכוואָרגער, אי אַ שרייבער. אין וועלכן פאַך דער הער ברוסי, וואָס האָט אַמאָל געהייסן ברוסילאָווסקי איז מער מאַדים, ווייס איך נישט. איך פאַרשטיי אָבער, אַז ער איז אַ מענטש מיט שכל און ער ווייסט, אַז צו שרייבעריי דאַרף מען האָבן אַ פּרנסה... בקיצור: איך בין באַפריינדעט געוואָרן מיט דעם קאָלעגע ברוסי דעם שרייבער און פורמאַן איז באַפריינדעט געוואָרן מיט דעם קאָלעגע ברוסי דעם „פּעלעטעראָ”.

איך בין נאָך אַ יונגער שרייבער און איך בין נאָך נישט ברוגז מיט קיין קאָלעגן. און דערצו איז דער הער ברוסי מיר נישט קיין קאָנקורענט, ווייל ער שרייבט שפּאַניש. איך שרייב יידיש, אָבער אַן אינטערנאַציאָנאַלן. איך האָב ליב אַ מיש צו טאָן. איך בראָק נאָך אַריין רוסישע ווערטער, אַזוי ווי מען האָט דאָס געטאָן אין פּינסק, איך לייג אונטער דאָ און דאָרט אַ שפּאַניש וואָרט און לשון קודש מיש איך שטענדיק אַריין, זייט איך בין געווען אין ישראל, נוץ איך דאָך אוודאי העברעישע ווערטער. פאַרשטיי איך, אַז איך קען ביים קאָלעגע עפּעס נאַשן, ווייל הכרת פּנים ענתה בו, מען דערקענט אויף אים, אַז ער איז נישט קיין גראָבער יונג און ער ווייסט ווי אַ בוך עפנט זיך. מיר האָבן זיך ביידע אַ לאָז געטאָן אויף גאָטס וועלטל צו זוכן שטאָף פאַר אונדזערע לייענער און מיר האָבן געהאַט צווישן זיך

אַ „געשווייגענעם אַפּמאַך" צו לייענען איינער פאַר דעם צווייטן אַלץ, וואָס מיר וועלן אָנשרייבן.

און דאָך האָב איך מער נישט געשריבן. און איך בין שוין באַלד גרייט צו פאַרענדיקן מיין טאָגבוך. עס האָט מיר נישט געפעלט קיין שטאָף און קיין מליצה, דאַכט מיר, אויך ניט. איך האָב אַלץ געהאַט אין רעזערוו. אָבער מיר האָט זיך געדאַכט, אַז אויב איך וועל ווייטער שרייבן, וועל איך פאַרשוועכן די הייליקייט. איר ווייסט דאָך, אַז איך האָב אַ שוואַכקייט צו פסוקים און מיר איז שווער צו באַפּוצן מיט די חזיונות און נבואות פון אונדזערע נביאים די אַלפּן-בערג, אָדער גאָר די נאַקעטע נקבות פון דעם באַרימטן פּאַריזער רעווי און בורלעסק-טעאַטער „פאָלי בערזשער". פּאַסט זיך עפּעס אַ פּסוק צו אַ נקבה, וואָס באַווייזט זיך אויף דער בינע אין דער מוטער חוה׳ס אנצוג, איידער זי האָט פאַרזוכט פון עץ הדעת? אין אַנס-קים „דיבוק" פרעגט דער בחור יוחנן, וועלכער איז פאַרליבט אין גבירס טאָכטער ביי זיין חבר חנן: „און ווי איז, אַז איך וויל מטהר זיין די טומאה, מעג איך?" ביי מיר איז פּונקט דער היפוך: איך טאָר נישט מחלל זיין די קדושה. פאַר מיר איז דער הר הכרמל שענער און שוין אוודאי הייליקער ווי די אַלפּן-בערג און די בחורות פון ישראל, אין די מיליטערישע כאַקי-בלוזקעס, זיינען פאַר מיר מער גראַציעז, ווי די טייערסט-באַצאָלטע פּאַריזער שאַנסאָנעטקעס.

יאָ, יאָ, מיינע טייערע לייענער, אויב איר ווילט אייך באַקענען מיט די פּאַריזער אַוואַנטיורעס און מיט די הייסע איטאַליענישע ליבעס, וועט איר אַזוי גוט זיין און איר וועט לייענען גיואַי דע מאָפּאַסאַן און גאַבריעל ד׳אַנונציאָ. און אפשר וועט זיי באַשרייבן מיין קאָלעגע פון קאָרדאָבע, ווייל איך האָב באַמערקט, אַז יעדע זאַך, וואָס ער האָט געזען, האָט ער פאַרשריבן אין אַ ביכעלע. און איך וועל אייך זאָגן נאָך עפּעס: אונדזער אַרגענטינע שטייט חלילה נישט אָפּ פון אַ פּאַריז און אַ ווענעציע. זאַכן, וואָס מען זעט דאָרט, זעט מען אין אַרגענטינע יאָ-קאָש אויך. און די אַרגענטינער נאַטור ווייזט אוודאי דאָס שענסטע און גרעסטע.

ישראל איז פאַר מיר נישט פּאַריז און ווענעציע... ווי זאָל איך אייך דאָס אויסמש׳לען? אין דער גאַנצער וועלט זעט מען די אַלע זאַכן, וואָס דער מרא דעלמא האָט באַשאַפן אין די ששת ימי בראשית, אין ישראל אָבער זעט מען זאַכן פון פאַר דעם. דאָרט זעט מען, אַז אַלץ, וואָס ס׳איז געשריבן אין חומש איז אמת ויציב. עס קען זיין, אַז ווען

איך וועל נאָך אַמאָל פאָרן קיין ישראל, וועל איך אָנהייבן גלייבן אין גאָט אויך. אין דער פּסחדיקער הגדה זאָגן מיר: „בכל דור ודור עומ־דים עלינו לכלותנו והקדוש ברוך הוא מצילנו מידם”. אין יעדן דור און דור שטייט מען אויף אונדז צו פאַרלענדן און גאָט ברוך הוא ראַטעוועט אונדז. אין ישראל זעט מען ווי אמת דאָס איז.

מיט וועמען פון די ישראל שליחים איך האָב נישט גערעדט אין אַרגענטינע, האָבן זיי מיר אַלע גערעדט וועגן דעם, וואָס זיי בענקען אַהיים. מיין קליינע פּלימעניצע נעמי, די טאָכטער פון מיין ברודער נחמן תמיר, איז אַלט געוועזן גאַנצע פינף יאָר, ווען זי איז געוועזן צו־גאַסט אין ב. איירעס, האָט זי אויך גערעדט וועגן פאָרן אַהיים. איך האָב זי איין מאָל געפרעגט, צי אין דער היים קען זי לעבן אַזאַ גוטן טאָג, ווי דאָ, האָט זי מיר געענטפערט: „אתם מדב־רים כל היום מאכילה” — איר רעדט אַ גאַנצן טאָג וועגן עסן. דע־מאָלט האָב איך זי נישט פאַרשטאַנען, אָבער ווען איך בין געוועזן אין ישראל, האָב איך דאָס פאַרשטאַנען. איך האָב דאָס פאַרשטאַנען, ווען איך האָב דאָרט גערעדט מיט נעמין און מיט נאָך אַ סך אַנדערע קינדער. איך האָב פאַרשטאַנען דעם גרויסן זין פון דעם זאָג „הוא ישראלי”, אָדער „היא ישראלית”. דאָס איז דער כוח פון ישראל!

די קרוין פון די פינסקער, די קרוין פון גאַנצן יידישן פאָלק



ד"ר חיים בן עוזר ווייצמאַן ע"ה, ערשטער נשיא (פרעזידענט) פון מדינת ישראל.

אויף דער שיף איז אונדז באַשערט געווען צו איבערלעבן אַ גרויסן טרויער אויך. מיר האָבן זיך דערוווּסט, אַז חיים ווייצמאַן איז געגאַנגען אין אייביקן וועג. דער ערשטער פּרעזידענט פון ישראל, דער נשיא... עס קען זיין, אַז מען וועט אַמאָל מאַכן אַ נייע גמרא וועגן אונדזער צייט און קינדער וועלן זי אַמאָל לערנען און זיי וועלן צוקומען צום קאַפּיטל „חיים הנשיא" און זיי וועלן זיך אים וועלן פאָרשטעלן, ווי מיר האָבן זיך געוואָלט פאָרשטעלן ר' יוחנן הנשיא...

מיר האָבן נאָך אין ישראל זייענדיק געוווּסט, אַז אונדזער פּרעזידענט איז אַ חולה מסוכן און אַז דער מלאך המוות לויערט שוין אויף אים, אָבער אַזוי לאַנג דאָס האַרץ קלאַפּט נאָך, גלייבט מען אין לעבן מער ווי אין טויט. און אונדזערע הערצער זיינען פאַרקלעמט געוואָרן פון ווייטיק. מיר זיינען לאַנדסלייט ווייצמאַנס, פּינסקער. ער האָט אויף אונדזערע קעפּ אָנגעטאָן די גרעסטע קרוין. וויפל ווייצמאַנס האָט עס דאָס יידישע פאָלק? וויפל ווייצמאַנס האָבן אַנדערע פעלקער, גרעסערע אין צאָל פון אונדז?

דער געזאַלצענער ים האָט ווידער פאַרזוכט יידישע טרערן. אפילו די דאָזיקע יידן, וואָס האָבן געערדט שלעכטס אויף ישראל, האָבן אויך געטיילט דעם טרויער מיט אונדז און זיי זיינען געוואָרן בעסערע יידן. זיי זיינען אויך אַרומגעגאַנגען אָן קעפּ. ווען מיר וואָלטן זיך נישט געשעמט, וואָלטן מיר אויסגעטאָן די שיך און זיך געזעצט שבעה. עפּעס האָבן מיר געהאַט דאָס זעלביקע געפיל, וואָס מען האָט, ווען מען דערוווּסט זיך, אַז דער טאַטע איז געשטאָרבן. דורך דעם, וואָס ער איז געווען פּרעזידענט פון מדינת ישראל, דער גרויסער ד"ר חיים ווייצמאַן, איז ער געווען אונדזער אַלעמענס טאַטע. זייענדיק אין לאַנד האָבן מיר געוווּסט, אַז מ'קען שוין נישט גיין קוקן אויף אים. מען לאָזט שוין נישט צו. אָבער וויפל מאָל מיר זיינען דורכגעפאָרן רחובות, פלעגן מיר קוקן אין יענעם ווינקל אַריין, וווּ זיין היים און דער אינסטיטוט, וואָס טראָגן זיין נאָמען, זיינען געווען. און מיר האָבן, האָט זיך אונדז געדוכט, געזען אַ באַזונדער מין שיין קומען פון דאָרט.

אין לאַנד זייענדיק האָבן מיר געהערט אָנרופן אַ סך קאַנדי־

דאַטן אויף פּרעזידענט, ווען עס וועט קומען דער פּאַטאַלער מאָ־מענט. אייניקע האָבן געזאָגט, אַז יוסף שפּרינצאַק, דער פּרעזידענט פון כנסת, וואָס איז וויצע־פּרעזידענט פון לאַנד און וועלכער איז אי־בער דער קראַנקייט פון נשיא געווען אַ לאַנגע צייט פּרעזידענט אין אמת, אַז ער וועט אויסגעקליבן ווערן. און מיר האָבן אַ סך געטראַכט וועגן דעם. יוסף שפּרינצאַק איז געווען דער ערשטער גרויסער גאַסט פון מדינת ישראל אין אַרגענטינע. ער האָט ביי אונדז געהאַט אַ קי־ניגלעכע אויפנאַמע, סיי ביי דעם יידישן ישוב, סיי ביי דער רעגי־רונג פון פּרעזידענט גענעראַל פּעראָן. און ער איז אַזאַ היימישער און האַרציקער און אייגענער מענטש. ער איז אונדז אַלעמען געוואָרן איינגעבאַקן אין די הערצער, ווי אַ גוטער עלטערער ברודער. די הערצער האָבן ביי אונדז געצאַפּלט. אַזאַ היימישער און האַרציקער פּרעזידענט... מען האָט אָנגערופן אויך אַנדערע קאַנדידאַטן.

דער נאָמען יצחק בן צבי איז אויפגעקומען שפּעטער. מיר האָבן אין לאַנד זייענדיק געוווּסט ווער בן־צבי איז, כאָטש ער האַלט זיך באַשיידן. ער איז יאָרנלאַנג געווען פּרעזידענט פון וועד הלאומי. איי־דער די מדינה איז געגרינדעט געוואָרן איז דער וועד הלאומי געווען דער במקום־מדינה. קומט אויס, אַז בן־צבי איז סיי ווי שוין געהאַט געווען פּרעזידענט פון דער מדינה. אין דער וועלט האָט בן־צבי ווייט נישט אַזאַ נאָמען ווי ס'האָט געהאַט פּראָפעסאָר ווייצמאַן. אַזעלכע מענטשן ווי ווייצמאַן ווערן געבוירן איין מאָל אין אַ פּאָר דורות. אָבער אין לאַנד איז י. בן־צבי געווען באַליבט זייט צענדליקער יאָרן. ער לעבט שוין אין לאַנד ווייט איבער פיר צענדליק יאָר און ער האָט דעם אַוועקגעגעבן זיין לעבן. ער האָט געאַרבעט מיט דעם שווייס פון זיין פּנים און ער האָט געוואַכט מיט דעם בלוט פון זיין האַרצן. און ער האָט פאַרלוירן איין זון און אַ צווייטן אין דער באַפרייונג־מילחמה. און ער איז אויסער דעם אַלעמען אַן אָנגעזעענער געלערנ־טער, אַ היסטאָריקער, וועלכער האָט באַזונדער שטודירט זיי גע־שיכטע פון די פאַרוואָרפענע יידן. און ער פירט זיך אויף אַזוי פּשוט און אַזוי באַשיידן און אַזוי פאָלקסטימלעך, אַז ער דערמאָנט מיט גאָרנישט אין די שלעכטע מלכים, וואָס פּראַווען ווילדן לוקסוס. ער פירט זיך אויף שיר־נישט עפּעס ווי אַ למד־וואָווניק. זיין עניוות איז באמת אויסערגעוויינלעך.

און ס'איז דערפאַר ניט געווען קיין איבעררעשונג דאָס דערוויסן זיך, אַז יצחק בן־צבי, צו לאַנגע יאָרן אים, האָט פאַרנומען דאָס פּלאַץ פון חיים בן עוזר. דער ערשטער נשיא פון מדינת ישראל איז געווען

געווען אַ סאָלדאַט, געוואָרן פּרעזידענט...



יצחק בן צבי — דער צווייטער נשיא פון מדינת ישראל.

אַ ייִד מיט אַ וועלט־נאָמען. אין אונדזער צייט האָט נאָר איין ייִד, אַלבערט איינשטיין, קאָנקורירט מיט חיים ווייצמאַן אין באַרימט־קייט. דער צווייטער נשׂיא פֿון מדינת ישׂראל איז שוין נישט קיין ייִד מיט אַ וועלט־נאָמען, נאָר אַ ייִד פֿון אינעווייניק, פֿון דער געדיכ־טעניש פֿון פֿאָלק. און דאָס פֿאָלק וועט ביי אים האָבן אַ סך, אַ סך צו לערנען אין מעשׂים טובֿים, אין מידות און טאַקע אין תּורה...

דערוויסנדיק זיך, אַז עס איז שוין דאָ אַ ממלא מקומו פֿון חיים בן עוזר, האָט דאָס קלעמען מיט ווייטיק אין די הערצער נישט אויפֿ־געהערט. אָבער עס איז אויך געקומען אַ פֿרייד אין די הערצער אַריין. איך האָב זיך דערמאָנט דעם זאָג פֿון „קוהלת": „דור הולך ודור באָ, והארץ לעולם עומדת". אַ דור פֿאַרגייט און אַ דור קומט, אָבער די ערד באַשטייט אייביק. איך האָב מיר געטייטשט „והארץ לעולם עומדת", אַז „ארץ", דאָס ייִדישע לאַנד וועט שוין איצטער זיין אַ לעולם עומדת, אַז די ייִדישע מדינה וועט שוין אויף אייביק באַ־שטיין. און טייטשנדיק זיך אַזוי, האָב איך געזען דעם ושבֿו בנים לגבֿולם, דעם אומקער פֿון קינדער אין דער אייגענער גרעניץ, אין דעם אייגענעם לאַנד און דעם קיבוץ גליות... איך בין געפֿאָרן פֿון ישׂראל, אָבער מיין האַרץ איז געפֿאָרן אַהין — — — און ווען איך פֿאַרענדיק אָט דאָס ספֿר מיינס און איך שרייב די לעצטע אותיות נאָך מיט מער ציטער ווי אַ סופֿר, וואָס פֿאַרענדיקט אַ ספֿר תּורה, איז שוין מיין זון אין ארץ... איז שוין גאָר אַ שטיק האַרץ מיינס דאָרט... יאָ, דור הולך, ודור באָ — דער טאַטע איז אַוועקגעפֿאָרן, איז דער זון געקומען. והאָרץ לעולם עומדת. די מדינה וועט שוין אויף אייביק באַשטייען.

די שיף מיט וועלכער מיר פאָרן צוריק פון גענאָוואַ קיין בוענאָס־איירעס הייסט „דזשוליאָ צעזאַרע". זי טראָגט טאַקע ד'עם נאָמען פון באַרימטן הערשער פון רוים, אָבער די יידן, וואָס פאָרן אויף איר, פילן זיך רויק און באַקוועם. יוליוס צעזאַר איז פאָרט געווען דעמאָ־קראַטישער ווי די אַנדערע רוימישע הערשער, די אַדרינוסעס, די טי־טוסעס, ימח שמם. עס איז באַוווּסט, אַז יוליוס צעזאַר איז געווען אַ גרויסער ליבהאָבער פון קונסט און באַזונדער פון טעאַטער און ער האָט טאַקע געהייסן בויען טעאַטערס אויף אַלע שפּראַכן, וועלכע מען האָט גערעדט אין זיין אימפּעריע. אַזאַ אימפּעראַטאָר קען מען פאַרטראָגן און מ'קען פאָרן אויף אַ שיף, וואָס טראָגט זיין נאָמען.

די שיף מיט וועלכער מיר פאָרן צוריק איז אַ צווילינג־שוועס־טער פון דער שיף „אויגוסטוס", מיט וועלכער מיר זיינען געפאָרן אַהין. זי האָט די זעלבע צוויי מאָטאָרן און די פיר און צוואַנציק צי־לינדערס, וואָס יענע און די זעלבע דריי טויזנט פערד־קראַפט פאַר יעדן איינעם. און איך וואָלט געשווירן, אַז די פערדלעך צום שפּילן זיינען אויך צווילינגען פון די פערדלעך פון דער „אויגוסטוס", גלייך איין מאַמע וואָלט זי געהאַט. און אויך די מאַנשאַפט איז דאָ פונקט אַזוי גוט, העפלעך און פריינטלעך צו אַלע פּאַסאַזשירן, ווי פון דער שוועסטער־שיף. זיי מאַכן נישט קיין חילוק צווישן יידן און קריסטן. און פאַרוואָס זאָלן זיי מאַכן אַ חילוק? די קריסטן קומען פון איטאַליע און שפּאַניע און די יידן פון ישראל. איי, זיי זיינען ניין הונדערט און מיר נישט מער ווי זיבעציק? טאָ פאַרלאָזט זיך אויף אונדזערע יידע־לעך. זיבעציק פון זיי זעען זיך קיין עין־הרע אָן מערער ווי די ניין הונדערט ערלים. און מיט וויפל יידן איז יעקב אַראָפּגעקומען קיין מיצרים, מער ווי מיט זיבעציק? עס שטייט דאָך בפירוש „בשבעים נפש", מיט זיבעציק נפשות האָט ער אַראָפּגענידערט קיין מיצרים. זוען מיר וואָלטן אויף דער שיף געבליבן אַ פיר הונדערט יאָר, וואָלטן מיר אויך געוואָרן אַ פאָלק פון זעקס הונדערט טויזנט נפשות...

און די זיבעציק יידעלעך מאַכן, גאָט זיי אַ דאַנק, דעם ריכטיקן טומל. עס פעלט נאָך, אַז אַ ייד מיט אַ גלח זאָלן אַראָפּ צו די מאַשי־נען, אַזוי ווי ביי שלום עליכמען אין זיין מעשה וועגן „נס פון הושענה

רבה" און דער ייד זאל לערנען דעם גלח מאשינעריע און ער זאל א דריי טאן א שרייפל און די שיף זאל זיך גיבן א דריי צוריק.

צווישן די פאסאזשירן פון דער שיף האבן מיינע לייענער א סך באקאנטע. אויב אפילו איר קענט זיי נישט פערזענלעך, קענט איר זיי פון די ערשטע קאפיטלען פון מיין בוך. איך האב זיי באשריבן אהין צו וועגס. אט איז פאראן דאן קארלאס פערעטי, וואס פארט מיט זיין פרוי. איך האב זיך פאטאגראפירט מיט ביידע איינינעם, ווען מיר זיינען צוזאמען געפארן אהין צו וועגס ביז איטאליע. הערט א מעשה: זייענדיק אין ישראל, האבן מיר באקומען א בריוו פון סעניאר פערעטי, אז לײדער האט ער קיין צייט נישט צו קומען קיין ישראל, אבער ער וויל דאך וויסן מיט וועלכער שיף מיר פארן צוריק, ווייל ער וויל אפנעמען א ריכטיקן גרוס וועגן אונדזער לאנד. און אז ער וועט וויסן מיט וועלכער שיף מיר פארן, וועט ער אויך באשטעלן פלעצער אויף דער זעלביקער שיף. וואלט איר זיך געקענט ריכטן, אז אן איטאליענער זאל האבן אזא אינטערעס פאר דעם יידישן לאנד.

און — בחיי! אט איז ער דא איינינעם מיט זיין כימפאטישער פרוי. ער האט נישט געקראגן קיין בילעטן אין צווייטן קלאס, פארט ער מיט ערשטן קלאס. אז דאס לעבן איז ליב, איז די וועלט הפקר. אבער ער זיצט שטענדיק מיט אונדז אין צווייטן קלאס. זאג איך אים:

— ר' קארלאס, איר קענט דאך פארן באקוועמער!

— דארט — ווייזט ער אויף דעם ערשטן קלאס — איז נישט מיין געזעלשאפט, איך האב נישט ליב קיין פראקן. איך קען נישט ליידן קיין צילינדערס און די גאנצע פוסטאקראטיע. און קיין יידן זיינען דארט אויך נישטא. און איך האב דווקא ליב יידן.

פארברענגט ער שטענדיק אין אונדזער געזעלשאפט און ער מאכט דורך די זעלבע פריידן און דעם זעלבן טרויער, וואס מיר מאכן דורך. ווען מיר נעמען זיך צונויף אין אויפנאם-זאל און מיר פארציען שמערקע קאטשערגינסקים לידל „זאל שוין קומען די גאולה", וואס איז א ווּאריאנט אויף די ווערטער און דעם ניגון פון הרב קוק, ברומט ער אויך צו דעם ניגון, אבער אן ווערטער און ער זאגט:

— קע לינדא פאסא דאבלע! (וואס פאר א שיינער טו-סטעפ!)

און ווען מיר האבן זיך דערוווּסט וועגן טויט פון אונדזער נשיא חיים וויצמאן און מיר האבן געשיקט א טעלעגראפישן טרויער-אויסדרוק, האט פערעטי געבעטן, אז מיר זאלן אויך זיין נאמען ארייג-שטעלן. נו, פרעג איך אייך? דארף מען נישט זאגן. „ירבו כמותו ביש-

ראַל?״ ניין, איך האָב נישט קיין טעות, איך וויל טאַקע זאָגן, אַז הלוואי וואָלטן אַ סך יידן געווען אַזוי ווי ער...

אָבער עס זיינען ברוך השם דאָ גוטע יידן אויך. אָט איז דער קאָלעגע „פּאָ פּאַכו״, סיי פון מיר און סיי פון פורמאַגען, ברוסי און זיין פרוי. ער איז דאָך גוט צו אַלעמען. ווילט איר פירן אַ שמועס וועגן מיסחר, איז דאָ מיט וועמען. ווילט איר פירן אַ ליטעראַרישן שמועס,




„דזשוליאָ טשעזאַרע״, — די שיף וואָס פירט אונדז צוריק קיין אַרגענטינע.

וועט איר ערשט רעכט נישט פאַרשעמט ווערן פון אים און ביי אַ פּאָקער וועט ער יאַקאָש אויך נישט פאַרלוירן גיין. דאָס לעצטע וויל ער דווקא נישט מען זאָל וויסן, אָבער איך געהער נישט צו די דאָזיקע, ביי וועלכע מ׳קען איינלייגן אַ סוד. און איך ווייס נישט, וואָס איז דאָ פאַראַן זיך צו שעמען. היינט איז דאָך „אין בית אשר אין שם מת״. נישטאָ, הייסט עס, קיין שטוב, ווו מען שפּילט נישט קיין קערטל. ס׳זאָל אונדז צו קיין חרפה נישט זיין, אין ישראל איז אויך פאַראַן

אַ היפּש ביסל פּעשלעך קאַרטן און דווקאַ נישט קיין לשון קודש־דיקע...

און אָט איז אַראַנטשיק. איר וועט אים מיסתמא רופן סעניאָר אַראָן פּיעדראָטין, אָבער איך קען אים נאָך מקדמונים, ווען מיר האָבן צוזאַמען געטאַפּט אַ וואַנט. איי, ער איז היינט שוין אַ גרויסער סוחר און ער קהל'ט זיך שוין אויך אין וויזשאַ־קרעספּאַ און ווער ווייסט ווו ער וויל ווערן פּרעזידענט, גייט דאָס מיר נישט אָן. ביי מיר איז מער יחוס, וואָס ער איז יוסף פּיעדראָטינס אַ זון. זיין טאַטנס סוחריש־קייט איז געשטאַנען אויף אַ העכערער מדרגה. ער איז געווען אַן אָנ־געזעענער ייד אין וואַרשע און שוין מיט זיין אויסזען האָט ער אַרוים־גערופן רעספּעקט. ער קומט אויך פון ישראל און ער קלערט שוין וועגן פאָרן צוריק. און דערפאַר אַליין קומט אים שוין אַ חשוב פּלאַץ אין בוך ביי מיר. און איך פרעג אים:

— זאָג מיר תנאָ בראָ מיינער, האָסט געפּירט אַ פּאָר טויזנט כשרע וורשטן און כשרע חזרימלעך קיין ישראל?

גיט זיך מיין אַראַנטשיק אַ צינד אָן און ער רופט מיך אָן נישט קינסטלער, נישט שרייבער, נישט אפילו פאָטאָגראַף, נאָר פּשוט באַלוואַן.

— דענקסטו — זאָגט ער, אַז עס זיינען דאָ אַזעלכע יידן, וואָס פאָרן האַנדלען קיין ישראל? און אויב עס זיינען דאָ אַזעלכע, זיינען זיי קיין יידן נישט...

און ער נעמט ריידן אַביסל „איידעלער" צו מיר. ער זאָגט מיר:

— אידיאָט, דו ווייסט נישט, אַז איך האָב אַ שוועסטער, אַ שוואָ־גער און פּלימעניקעס אין ישראל און גלאַט גוטע פריינט און לאַנדס־לייט און סתם יידן? איז ווי אַזוי האָב איך געקענט קומען צו זיי אַלע מיט ליידיקע הענט?

— סליחה, אדון אַראַנטשיק — זאָג איך צו אים — איך צי צוריק מיינע ווערטער און דו וועסט האָבן דעם כבוד צו שפּילן ביים זעלבן טיש, וואָס איך.

און כה הווה: פון דעמאָלט אָן האָט ער שוין געשפּילט מיט אונדז, דיסקוטירט, און מיר זיינען געגאַנגען שלאָפן, ווען ביי לייטן איז שוין געווען תינוק יונק משדי אמו ואשה מספרת עם בעלה און די הענער וואָלטן שוין געקרייעט, ווען אויף דעם ים וואָלטן געווען הע־נער. עס איז שוין געווען די פּערטע אשמורה.

און אָט האָבן מיר נאָך אַ פּאַרפאָלק פון בוענאָס־איירעס, וואָס קומט פון ישראל. זיי האָבן דאָרט אַ טאָכטער. אין קיבוץ כיסופים

געפינט זי זיך. ער הייסט אָסקאַר שוואַב. אַ ייד אַ פֿאַבריקאַנט איז ער און אַ ווילער ייד. דער איינציקער חסרון איז, וואָס ער שפּילט נישט אַזוי וואַזשנע אַ פּאָקער. נו איז וואָס? ער געהערט פּאָרט צו אונדזער סביבה, אָט דער ר׳ אשר שוואַב, אויב נישט מיט דעם שפּילן, איז מיט דעם ליב האָבן ישׂראל. און ער פֿאַרשטייט זיך איין אויף אַ בוך. איך לייען אַמאָל איבער פֿאַר אים און פֿאַר זיין פֿרוי אַ קאַפּיטל פֿון מיין בוך, זאָגט ער מיר, אַז ס׳איז גוט. איז דאָס דאָך פֿאַר מיר דער בעסטער באַווייז, אַז ער פֿאַרשטייט...

און ווי קען איך אויסלאָזן אַזאַ טייערן יידן ווי פֿריינד בעקער־מאַן, מיט וועלכן איך טרעף זיך אַלע טאָג אויף דעם דעק. איך גיב אים אַ פֿרעג:

— איר שרייבט אויך, חבר?

— איך שרייבן? כ׳האָב מער נישט וואָס צו טאָן?

— ווי זשע קומט עס — פֿרעג איך אים — וואָס איר גייט אַלע טאָג אַרום אַזוי פֿאַרטראַכט? מילא איך גיי אַרום פֿאַרטראַכט, קלער איך וועגן שטאָף פֿאַר דעם טאָג־בוך, אָבער וועגן וואָס קלערט איר?

מיינט איר, אַז ער האָט מיר געענטפֿערט, ווייס איך וואָס. ער האָט געשוויגן. זאָג איך צו אים:

— עס איז זייער שווער פֿאַר אַ זשורנאַליסט צו מאַכן אַ רעפּאָר־טאַזש פֿון אַ מענטשן, וואָס איז נישט פּוצה פּה ומדבר און ער רעדט קיין וואָרט נישט אַרויס. צו אַנדערע יידן רעדט איר מיסתמא יאָ, ווייל זיי האַלטן מיר אין איין זאָגן, אַז דער סעניאָר בעקערמאַן איז אַ ווילער ייד.

— איך ווייס נישט — רעדט ער דאָך אַרויס אַ וואָרט — אין וואָס עס באַשטייט מיין ווילקייט.

— אַ ייד, וואָס איז געפֿאָרן קיין ישׂראל, איז שוין אַ ווילער. און ווען ער קריגט זיך נישט מיט קיינעם און ער קריטיקירט נישט און ער קלערט נאָר וועגן זיין מישפּחה אין ישׂראל פֿון וואַנען ער קומט און וועגן זיין מישפּחה אין אַרגענטינע, וווּהין ער פֿאָרט, איז ער אוודאי אַ ווילער ייד.

און איידער איך קוק זיך אום, זע איך, אַז אונדזערע בראַזיליאַ־נער כלי־קודש זיינען דאָ אויך דאָ. איך מיין ר׳ ישׂראל סטאַראָסטא ורעיתו. איר געדענקט דאָך זיי געוויס פֿון דער נסיעה אַהין. זיי זיי־נען געפֿאָרן קיין ישׂראל נישט צו קרובים, נאָר צו זיך אַליין. זיי זיי־נען אַ גאַנץ לעבן ציוניסטן, זיינען זיי געפֿאָרן אַ קוק טאָן, צי זייער

פראַצע גייט נישט אין ניוועץ. וואָרום ער, ר׳ ישראל, פאַרטרעט אין פּאַרטאַ אַלעגרע אַלע יידישע געזעלשאַפטן. און זיין פרוי פאַרטרעט די וויצאָ. אָבער מיינט נישט חלילה, אַז זיי פאָרן אויף הוצאות הכלל. זיי צאָלן זיך אַליין די הוצאות. און אין איין וועג גיט ער אונדז אָפּ אַ באַריכט, ווי עס האַלט מיט יידישקייט אין בראַזיל. און ווער נאָך ווייסט דאָס אַזוי גוט, ווי ער? איז ער אין אַ געזעלשאַפט נישט פּרעזידענט, איז ער קאַסיר, איז ער דירעקטאָר. איר קענט אַמ־אַ דעם וויץ? מען האָט אַמאָל געמאַכט אַ יידן אַ באַנקעט און ווי דער שטייגער איז, האָט מען געגעבן די רעפּרעזענטאַנטן פון דער געזעלשאַפט ווערטער צו באַגריסן דעם באַנקעטירטן און אים דערציילן אַלע זיינע שבחים. הייבט זיך אויף אַ ייד פון אַ בענקל און ער האַלט אַ רעדע בזה הלשון:

— אין נאָמען פון דער קהילה, וווּ איך האָב דעם כבוד צו זיין אַ „קאָמיסיאָנס" (פאַרוואַלטונג) מיטגליד איז אויף מיר געפאַלן דער גורל צו באַגריסן אונדזער פריינד דעם גרויסן פילאַנטראָפּ ר׳ משה זרח און אים ווינטשן אין נאָמען פון דער קהילה אַ גליקלעכן צאתך לדרך.

געענדיקט די באַגריסונג, זעצט ער זיך אַוועק. און באַלד נאָך דעם שטעלט ער זיך ווידער אויף און ער זאָגט:

— מיסתמא איז אייך אַלעמען באַוווּסט, אַז איך בין וויצע־פּרעזידענט פון דער טובערקולאָזער ליגע און איך האָב די ערע צו קומען באַגריסן דעם „האָמענאַכירטן" (באַערטן), פריינד ר׳ משה זרח און אים ווינטשן אַ פריילעכן שליטוועגס... און דאָס זעלביקע טו איך אין נאָמען פון רופא חולים, סומך נופלים, לצים צאָצים בערעקלעך און אַזוי ווייטער און ווייטער...

און ער זעצט זיך אַוועק און ער הייבט זיך באַלד נאָך אַמאָל אויף און ער זאָגט:

— און איצטער, טייערע פריינט, רבותי ליבע, וועל איך אייך זאָגן אַ פּאָר אייגענע ווערטער אויך.

און איך מוז אייך זאָגן, אַז ישראל סטאַראָסטאַ איז אַ ייד אָן וויצן. ער איז דאָס, וואָס ער איז מיט דעם גאַנצן האַרצן און מיט דער גאַנצער נשמה. מ׳קען וועגן אים זאָגן, אַז כשמו כן הוא וכן תהילתו. ער הייסט ישראל, ער טראָגט דעם זעלבן נאָמען, וואָס אונדזער לאַנד. זיין פאַמיליען־נאָמען איז סטאַראָסטאַ. אויף רוסיש מיינט דאָס אַן עלצטער. אַמאָליקע יאָרן פלעג יעדער דאָרף האָבן אַ סטאַראָסטאַ.

אָבער איך בין צופרידן, וואָס ישראל סטאַראָסטא איז אַן עלצטער ביי יידן און ניט ביי פּאָניען. וואָרום ווען ער דינט ביי פּאָניען, ווער ווייסט, צי ער וואָלט זיך שוין נישט געוועזן לאַנג מודה געווען... עס וואָלט געדאַרפט זיין אַ סך אַזעלכע יידן אין בראַזיל או̇ן אפשר זיינען דאָ נאָך אייניקע אַזעלכע, איך האָב געהאַט דאָס מזל צו טרעפן נאָר איינעם. גם זו לטובה. סוף־כל־סוף הייסט דאָך די שיף נישט „נגבה”, נאָר „דזשוליאָ צעזאַרע”...

איר קוקט אויף דעם בילד, וואָס איך שטעל אייך דאָ אַריין און איר זעט די גאַנצע „גלאַזוונע" קאָמאַנדע פון אַ שיף. דאָס זעט איר די קאָמאַנדע פון דער שיף „דזשוליאָ צעזאַרע" בראש מיט דעם קאַפּיטאַן אַליין. אָבער צווישן זיי טרעפט איר אויך עבדכם בן אמתכם, אייער „זעמליאַק" (לאַנדסמאַן) אייזיק מירסקי, דער שפּאָגל-נייער און יינגסטער יידישער שרייבער פון אַרגענטינע.

וועט איר דאָך פרעגן ווי אַזוי קום איך צו זיין פאָטאָגראַפירט אינאיינעם מיט דעם גאַנצן עולם „קנעפּלעך" איינס און איינס? וועל איך אייך ענטפערן, אַז דאָס דאָזיקע איז, ווייל איך בין ברוך השם אַ ייד און ווייל היינט צו טאָג זיין אַ ייד איז נישט דאָס זעלביקע, וואָס צוריק מיט פינף יאָר. און איך וועל אייך דערקלערן דעם חילוק צווישן אַ יידן פון צוריק מיט פינף יאָר און פון היינט. אין די פריערדיקע צייטן, אַז אַ ייד איז געפאָרן אויף אַ שיף, אָדער אויף אַ באַן, צווישן מענטשן פון אַלערליי נאַציעס, האָט ער געמעגט זיין ווי מוטיק און בראַוו, איז ער געווען אָפּגעזונדערט און איזאָלירט. און ער האָט זיך טאַקע געפילט אַביסל דערשלאָגן אויך. און ווען ער האָט נאָך געשריבן מאַמע-לשון און ער האָט געדרייט מיט דער פעדער פון רעכטס אויף לינקס, האָבן די עובדי גילולים אויף אים גאָר געקוקט אַ סך מאָל ווי אויף אַ שרץ... מיר געדענקען אַלע דעם טעם פון דעם וואָרט „זשיד" און פון דעם וואָרט „רוסאָ"... אָבער פון זייט ארץ-ישראל איז געוואָרן מדינת ישראל, האָבן מיר געביטן אונדזער מענטאַליטעט און מיר זיינען געוואָרן אַנדערש. און מיר זיינען געוואָרן אויס „רוסאָס". ווייל וואָס פאַר אַ „רוסאָס" זיינען מיר? יידן זיינען מיר! אַרגענטינער יידן, רוסישע, פוילישע, טשילענישע, בראַזיליאַנישע. און די אַרגענטינער שכנים אונדזערע האָבן אָנגעהויבן פאַרשטייען דעם חילוק צווישן אַ יידן און אַ „רוסאָ". און זיי האָבן געקראָגן דרך-ארץ פאַר אונדז. אָט דאָס איז די קראַפט פון ישראל.

ווען דער קאָמענדאַנט פון דער שיף, אויף וועלכער איך שרייב אָט די שורות, האָט זיך דערוווסט, אַז עס פאָרט מיט אים אַ יידישער זשורנאַליסט, האָט ער מיך פאַרבעטן צו זיך אין ביוראָ. ער האָט דאָס דאָזיקע געטאָן נישט פאַר מיין שיין פנים און נישט פאַר די רעפּאָר-

טאַזשן, וואָס נישט ער און נישט קיינער האָבן זיי דעמאָלט געהאַט געלייענט. וואָרום אויב איך האָב אַמאָל יאָ אָנגעשריבן אַ פעליעטאָן, האָב איך אים געשריבן פאַר זיך אַליין און פאַר מיין בעסטן פריינד גרעגאָריאָ. ער איז טאַקע נישט קיין ליטעראַטור קריטיקער, אָבער ער איז אַן ערלעכער, אויפריכטיקער און אָפנהאַרציקער מענטש און איך האָב זיך גערעכנט מיט זיין מיינונג. און איך האָב מיינע אַרטיקלען און פעליעטאָנען, וואָס זיינען פול מיט פסוקים פון תנ״ך און מאמרים פון תלמוד קיינמאָל נישט פאַרעפנטלעכט, ווייל די רייד פון די נביאים שטייען ביי מיר העכער פון אונדזערע מאָדערנע שרייבער און קריטיקער. אפשר איז דאָס אַן אַלטמאָדישקייט פון מיין זייט, אָבער אַזוי בין איך.

איז פאַרוואָס זשע האָט מיך דער קאַפּיטאַן פּלוצים געשיקט רופן? ער האָט מיר צוגעטיילט כבוד, ווייל ער האָט געוווּסט, אַז איך קום פון ישראל. ער האָט דורך מיר געוואָלט צוטיילן כבוד דעם יידישן פאָלק און אָט דערפאַר בין איך באַזונדער שטאָלץ מיט מיין דערפאָלג. נישט איך פערזענלעך האָט פאַרינטערעסירט דעם קאָמענדאַנט, נאָר אַ יידישער זשורנאַליסט, וואָס קומט פון ישראל האָט גערופן זיין אויפמערקזאַמקייט. און איך נוץ דאָ אויס די געלעגנהייט און איך דאַנק אים פאַר דער פריינדשאַפט, וואָס ער האָט מיר אַרויסגעוויזן ווי צו אַ יידן. איך באַדאַנק אָט־אָ־די פערזאָנען:

Capitan Sap. Filipo Rando.
Capo Comisario Dott. Antonio Novella.
Primo Comisario Cap. Giovanni Corazza.

איך דאַנק זיי פאַר דער זייער העפלעכער און וואַרעמער באַציונג צו מיר, פאַר דעם, וואָס זיי האָבן אַרויסגעוויזן חשיבות אַ יידישן שרייבער. צי איך בין שוין טאַקע יאָ, אָדער נישט אַ יידישער שרייבער, איז אַ באַזונדערע פראַגע... פאַר זיי בין איך דאָך דאָס געווען! און איך דאַנק זיי באַזונדער, ווייל זיי האָבן מיר געגעבן צו פילן, אַז די קראַפט פון ישראל איז גרויס. און אחרון, אחרון חביב: איך דאַנק מיין טייערן פריינד אייזיק פורמאַן, וועלכער האָט מיך געפירט זען ישראל און איינעם מיט מיר האָט ער געפירט די אַלע טויזנטער און טויזנטער יידן, וועלכע וועלן לייענען מיין בוך און דורך אים זען אונדזער יונגע, שיינע און גוטע מדינת ישראל.



דער מחבר מיט דעם קאָמענדאַנט, קאַפּיטאַן און קאָמיסאַר פון דער שיף „דזשוליאָ צעזאַרע"

מיין בוך איז שוין פֿאַרענדיקט. אָבער מיינט נישט, אַז איר זייט שוין פֿאַרטיק מיט מיר. עפּעס ווי אַ דיבוק האָט זיך אָנגעזעצט אויף מיר און ער הייסט מיר שרייבן און שרייבן. און איך האָב קיין ברירה נישט און איך מוז אים פֿאָלגן.

איך מוז אייך זאָגן, אַז שרייבן אַ בוך איז קיין... קונסט נישט. וויפֿל מענטשן האָבן דאָס שוין נישט אָנגעשריבן קיין ביכער. איך וועל דאָ באַווייזן אַזאַ קונסט, וואָס קיין שום אנדער שרייבער האָט ביז איצטער נאָך נישט געטאָן. איך גיי אָנשרייבן אַ רעצענזיע וועגן מיין אייגענעם בוך. אדרבאָ, ווייזט מיר אָן ווער נאָך האָט דאָס געטאָן!

יעדער איינער פֿון אונדז, וואָס לייענט איבער אַ בוך, מעג ער זיין ווי געלערנט און ווי באַהאַוונט אין די קליינע אותיותלעך, וויל פֿונדעסטוועגן הערן אַ פּירוש פֿון אַן אויטאָריטעט, אָדער אַ קריטיק, ווי די היינטיקע זאָגן. קענט איר אייך פֿאָרשטעלן ווי נייגעריק עס איז צו הערן אַ פּירוש און אַ קריטיק און צו האָבן אַ רעצענזיע איי־נער, וואָס שרייבט אליין אַ בוך. און ווען דער שרייבער איז נאָך אזא, וואָס האלט ביים ערשטן בוך, איז ער אוודאי און אוודאי ניי־געריק. וואָס זאָל איך אייך זאָגן? דעם ערשטן קוש פֿון דער כלה וויל מען דאָך שטארק, אָבער נאָך שטארקער וויל מען די רעצענזיע וועגן דעם ערשטן בוך.

איר פֿאַרשטייט? איך בין מורא׳דיק נייגעריק שוין צו לייענען אַ שטיקל רעצענזיע וועגן מיין בוך. אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן פֿון צפֿון אַמעריקע זיינען די גדולים פֿון דער ליטעראַטור קריטיק ש. ניגער און א. מוקדוני, ביי אונדז אין ארגענטינע זיינען די וואָרטזאָ־גער וועגן ביכער יוסף מענדעלסאָן און יעקב באָטאָשאַנסקי. ווילט איר, אַז איך זאָל זיך אָנידערזעצן און ווארטן ביז זיי וועלן זיך אוים־קלייבן און איבערלייענען מיין בוך און אָנשרייבן עפּעס וועגן דעם? און ווי וועט זיין, אַז זיי וועלן שרייבן שלעכטס, אָדער אינגאַנצן נישט שרייבן? זאָל איך בלייבן מיט אַ שלעכטער רעצענזיע, אָדער אינ־גאַנצן אָן אַ רעצענזיע? נישט ביי מאָטיען! בין איך דערפֿאַר געגאַנ־גען און איך האָב אליין אָנגעשריבן אַ רעצענזיע וועגן מיין אייגענעם בוך — און איך האָב דאָס טאַקע אָפּגעדרוקט אין דער היגער טעגלע־

בער צייטונג „די פּרעסע", פון 13טן יאנואר 1953, אָבער איך האַלט, אז אויב איר, מיינע ליבע לייענער, האָט מיר געטאָן די גרויסע פריינטשאַפט און געלייענט מיין בוך, וועט איר שוין מיר טאָן די טובה און איבערלייענען די אייגענע רעצענזיע מיינע. און אויב איר האָט ביז איצטער מקיים געווען ביי מיין בוך דעם פּסוק „לאכן איז געזונט, דאָקטוירים הייסן לאכן", וועט איר איצטער נאָך מער מקיים זיין אָט דעם געבאָט און איצטער לייענט די רעצענזיע אַליין, וואָס האָט געטראָגן אָט דעם טיטל:

# אַ רעצענזיע וועגן מיין אייגענעם בוך

## וואָס איך האָב געהערט פון אַנדערע און פאַרצייכנט

רבותי, איך וויל אייך נאָך מזכה זיין מיט איין קאַפּיטל פון מיין בוך „איך בין געפאָרן קיין ישראל", וואָס וועט אינגיכן דערשיינען און איך וויל האָפן, אַז „די פּרעסע", וואָס איז געווען אַזוי פריינטלעך צו מיר און האָט מיר, נישט קיין פּראָפעסיאָנעלן שרייבער, געגעבן דריי מאָל פּלאַץ וועט מיר שוין אריינשטעלן די פערטע קשיא, אָדער מעשה. איך וואָלט דערביי מיינע לייענער געגעבן אַן עצה פון אַ ריכטיקן פריינט, אַז ווי באַלד יעדער פון אייך וועט אַריינכאַפּן אַן עקזעמפּליאַר פון „די פּרעסע" זאָל ער זיך באַלד אַריינכאַפּן צו זלמן הירשפעלד, וואָס וווינט ערגעץ אויך אויף קאַסטעלי, און אים בעטן, אז ער זאָל דאָס דאָזיקע קאַפּיטל אים איבערלייענען. וואָרום עס איז פאַראַן א יש אומרים, אז ער לייענט בעסער, ווי איך שרייב. עס איז אָבער אויך פאַראַן אַ יש אומרים, אַז ערשט ווען ער לייענט איבער מיינע אַ זאַך, זעט מען, וואָס פאַר אַ גרויסער שרייבער איך בין... אייניקע האַלטן, אז איך וואָלט מיין בוך נישט געדאַרפט אָפּדרוקן, אַזוי ווי אנדערע שרייבער טוען, נאָר איך זאָל דערפון מאכן פּלאַטן, דיסקעס, ווי מען זאָגט ביי אונדז. זלמן הירשפעלד זאָל אלע קאַפּיטלען אריינלייענען אין די דיסקעס און איך זאָל זיי פאַרקויפן אַנשטאָט ביכער. דאָס דאָזיקע וואָלט געווען אַ גליק פאַר מענטשן, וואָס האָבן שוואכע אויגן, אָדער זיי זיינען סתם נישט קיין גרויסע קענער אין די קליינע אותיותלעך.

אז איך בין אַ גרויסער שרייבער, ווייס איך אַליין. וואָרום מען זאָגט, אַז לאָיד דזשאָרדזש, וואָס איז געווען פּרעמיער פון ענגלאנד בשעת דער ערשטער וועלט מילחמה, איז געווען דער בעסט-באַצאָל-

טער שרייבער. מען האָט אים געצאָלט פאַר זיינע זכרונות אַ דאָלער אַ וואָרט. און ווען איך מאַך אַ חשבון וויפל דאָס דאָזיקע בוך מיינס האָט אָפּגעקאָסט מיין פריינט אייזיק פורמאַן, וועלכער האָט פינאַנ־סירט מיין רייזע קיין ישראל, וואָלט אויסגעקומען, אַז איין וואָרט האָט געקאָסט מער ווי צוויי דאָלער. און מיינט נישט, אַז דאָס איז אַ גוזמא. מיר האָבן געמאַכט אַ רייזע, אויף אַלע יידן געזאָגט געוואָרן. איר מיינט, אַז מיר זיינען געווען נאָר אין ישראל? מיר זיינען געווען אין איטאַליע, גריכנלאַנד, שווייץ, פראַנקרייך, שפּאַניע, א חוץ אַ גאַנצע ריי פון לענדערלעך און אינדזלען, וואָס מיר האָבן באַזוכט על רגל אחת, אויף גיך, הייסט עס, געכאַפּט אַ קוק און געלאָפן ווייטער. און איר דאַרפט פאַרשטיין, אַז קלייבנדיק זיך צו ווערן אַ שרייבער, האָב איך זיך נישט געקענט באַגניגענען נאָר מיט קוקן, איך האָב געמוזט פאַרזוכן פון אַלץ, בכדי צו וויסן מה הבדל יש בין עם ועם. וואָס איז דער חילוק צווישן בוידעם און קלאָץ.

און נאָך דער רייזע איז ערשט געקומען נאָך עפּעס, פּונקט ווי נאָך אַ חתונה קומט אַ ברית. מען האָט געדאַרפט אויספּרווון מיין שרייבן אויף אַן עולם. איז געגאַנגען פורמאַן און האָט צונויפגענו־מען עטלעכע הונדערט יידן, אַז זיי זאָלן הערן, וואָס איך האָב אָנגע־שריבן, בכדי צו וויסן, צי דאָס טויג. און קרילאָוו האָט דאָך געזאָגט, אַז קיין סאָלאָווי קאָרמעט מען נישט מיט משלים. האָט מען די אַלע יידן געגעבן צו עסן און טרינקען כיד המלך און טאַקע אַן „אסאדאָ אַ לא קריאָזשא", אַן אונדזער שאַדן אויף ישראל געזאָגט געוואָרן. און זשורנאַליסטן האָט מען אויך איינגעלאַדן און זיי האָבן געגעסן און געהערט און שטאַרק הנאה געהאַט. איר ווילט אוודאי וויסן, פון וואָס זיי האָבן מער הנאה געהאַט, פון דעם עסן, צי פון דעם הערן, וועל איך אייך ענטפערן, אַז איר זאָלט מיך פרעגן גרינגערס. אָבער ווען מען רעכנט צו די דאָזיקע „אסאדאָ" אויך צו די הוצאות, טראָגט שוין אויס מער ווי צוויי דאָלער אַ וואָרט.

כאָטש מיר זיינען אַוועקגעפאָרן אַזויפיל לענדער, ווי איך האָב אייך דערציילט, האָב איך געשריבן נאָר וועגן ישראל. ערשטנס האָב איך דאָס דאָזיקע לאַנד געקענט נאָך פון פריער, איך האָב וועגן דעם געלייענט סיי ביי משה רבינו, סיי — נעפּריטשקעס — ביי סעגאַלאָ־וויטשן און באַטאַשאַנסקין; צווייטנס האָט יעדער אַנדער לאַנד נישט קיין שום טעם נאָך ישראל, ווייל ס'איז וויסט און פּוסט און עס שוועבט אויף דעם נישט קיין רוח הקודש. און דריטנס, וועגן ישראל קען איך אריינהאַקן וויפל פּסוקים איך וויל נאָר אַליין. און דאָ בין

איך זיכער קענען יעדער קריטיק. די דאַזיקע, וואָס פֿאַרשטייען נישט די פּסוקים, וועלן דאָך נישט גיין זאָגן, צי ס׳איז גוט, צי ס׳איז שלעכט און די דאָזיקע, וואָס קענען יאָ אין די קליינע אותיותלעך, וועלן זיך נישט גיין אָנהייבן מיט ישעיהון און ירמיהון, זיי וועלן די נביאים ניט קריגן...

און איצטער, ווען איך האָב שוין געהערט, וואָס עטלעכע הונדערט מענטשן זאָגן וועגן מיין שרייבן, זעץ איך זיך אַמאָל אַנידער מיט דעם כתב יד אין די הענט און איך פֿרעג זיך: מה יתרון לאָדם בכל עמלו? צו וואָס האָב איך געדאַרפֿט האָבן די גאַנצע געשיכטע מיט דעם שרייבן און אַרומגיין אַ נערוועזער און נישט קענען טראַכטן וועגן עפּעס אנדערש און טאָג ווי נאַכט נאָר טראַכטן וועגן דעם אַליין, אַלציינס ווי שלמה המלך וועגן זיין שולמית? און איך טשוכע זיך ערשט איצטער אויס און איך וויל זיך דערמאָנען, ווי אַזוי איז געקומען דער גאַנצער חלום אויף מיין קאָפּ און פֿון וואַנען האָט זיך צו מיר גענומען דאָס גאַנצע שרייבן...

געשען איז דאָס אייגנטלעך אַזוי: ווען איך בין אַרויף אויף דער שיף, האָב איך אויף דעם אָרעם געטראָגן דעם אַלבום, וואָס מען האָט מיר געשאָנקען. די פּאָר הערעלעך, וואָס איך פֿאַרמאָג נאָך, זיינען געווען צעוואָרפֿן און צעשויבערט. אַן אָנשטעל האָב איך געמאַכט אַן ערנסטן און אַ טראַגישן און איך האָב אויסגעזען ווי באַטאַשאַנסקי, ווען ער דיסקוטירט וועגן פּראַגער פּראָצעס. מיט דעם קאַפּיטאַן האָב איך קיין וואָרט נישט גערעדט און קיינער האָט מיך פּאָר אים נישט פֿאָרגעשטעלט, אָבער, גיי ווייס פֿאַרוואָס און פֿאַרווען, ער האָט באַלד בשלאָסן, אַז איך בין א גרויסער זשורנאַליסט און ער האָט גלייך אַוועקגעשיקט א טעלעגראַמע צום דירעקטאָריום פֿון „איטאַלמאַר" בזה הלשון: „אויף דער שיף „אויגוסטוס", וואָס איך האָב די ערע צו אָנפֿירן, סטאָפּ. פֿאָרט אַלס פּאַסאַזשיר פֿון צווייטן קלאַס איינער פֿון די גרעסטע אַרגענטינער יידישע שרייבער, יצחק אייזיק מירסקי, סטאָפּ. ער פֿאָרט אַלס באַגלייטער פֿון דירעקטאָר פֿון באַנקאָ קאָמערסיאַל, אייזיק פֿורמאַן, סטאָפּ. די באַנק איז אויך אַן אַגענט פֿון אונדזער געזעלשאַפֿט, סטאָפּ. מיר מאַכן זיי היינט אַ רעסעפּסיאָן און פֿירן זיי אַריבער אין ערשטן קלאַס, סטאָפּ. נוצט אויס די געלעגנהייט סטאָפּ. געחתמעט: קאָמאַנדאַנטע קאַפּיטאַן סופּ. לואידזשי גולינעללי".

און דאָס איז געווען מיין אומגליק. איך האָב בעל כרחי געמוזט נעמען שרייבן. איר ווייסט דאָך ווי דער אַרגענטינער זאָגט: „הא-

סערסע דע פאמא אי עטשארסע א לא קאמא", אויף יידיש וואָלט דאָס געהייסן: אַ קניפּ אין באַק, די פאַרב זאָל שטיין... אַנדערע האָבן פאַרבראַכט און איך האָב שוין נישט געקענט טאָן עפּעס. אַנדערש ווי שרייבן. מיר זיינען געפאָרן שוין איינמאָל אויף אַ שיף, אויף אַ לוקסוס שיף. וואָס דאָרט איז נישט געווען! זון, לופט, אַ באַסיין (פּילעטע) צום שווימען, מוזיק, שיינע פּרויען, קינאָ, און אַ פּאַקער האָט מען יאַקאָס אויך געשפּילט און קאַליקעס שפּילער האָבן אוודאי נישט געפעלט; זיי קענען אַזוי שפּילן פּאָקער, ווי איך קען שרייבן. איך וואָלט געקענט הנאה האָבן, אָבער איך האָב געמוזט טאָג ווי נאַכט, ממש יומם ולילה, זיצן און שרייבן, ווי דער פּסוק זאָגט. „נאַ־ ניאַלסיא, פּראָדאַלסיא". יאָ, יאָ, דער גאַנצער שולדיקער אין מיין שרייבן איז געווען דער קאַפּיטאַן.

ווילט איר דאָך וויסן, וואָס מען האָט געענטפערט דעם קאַפּי־ טאַן אויף דעם גרויסן סוקסעס, וואָס ער האָט געמאַכט, מוז איך אייך ענטפערן, אַז איך ווייס נישט. ווייל ווען די שיף איז שפּעטער נאָך אַמאָל אָנגעקומען אין היגן פּאָרט, האָב איך גענומען מיין ווייב און די גאַנצע משפחה און זיי געוואָלט ווייזן את רוב גדלי, דעם גרויסן כבוד, וואָס מען גיט מיר אָפּ, און מיר זיינען אַלע אַוועק צו דער שיף. אָבער עס איז געווען אַ ברכה לבטלה. איך האָב געטראָפן אַ גאַנץ אַנדער קאַפּיטאַן. אשר לא ידע את אייזיק. איך האָב געפרעגט ביי דער מאַנשאַפט וווּ עס איז דער פריערדיקער קאַפּיטאַן, האָט מען מיר געענטפערט, אַז מען האָט אים אַריבערגעפירט אויף אַ לאַסט־שיף. מיסתמאָ האָט מען אים דאָס אַזוי באַלוינט פאַר דער שיינער טעלע־ גראַמע, וואָס ער האָט געשיקט. איך האָב דאָך אָבער נישט געוווּסט דעם בראָך, האָב איך ווייטער געשריבן.

איך מוז אייך דערציילן, אַז נאָך איידער איך האָב געקוקט ווי אַזוי דער עולם האָט אויסגעזען, ווען הירשפעלד האָט געלייענט קאַ־ פּיטלען פון מיין בוך, האָב איך אויסגעפּרווּווט אויף אַ סך אַנדערע און געוואָלט זען די ווירקונג. דער ערשטער, אויף וועמען איך האָב אויס־ געפּרוּווט, איז געווען טאַקע פורמאַן אַליין. איך האָב אים געלייענט עטלעכע קאַפּיטלען, עס קאָסט אים גענוג געלט, מעג ער הנאה האָבן. און איך האָב געזען, ווי ער פּאַסמאַקעוועט זיך, ווען איך לייען און ער צמאַקעט מיט די ליפּן, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז ער האָט אַ גרויסע הנאה, האָב איך נאָך מער געלייענט. ערשט דערנאָך האָב איך זיך דערוווּסט, אַז ער האָט אַ טבע צו זייגן צוקערלעך און אַז ער האָט געצמאַקעט די קאַראַמעלקעס...

געלויבט השם יתברך, געקומען קיין ישראל, געקוקט, געזען און נישט אויפגעהערט שרייבן. ווען זשע ווייזט מען דאָרט עפּעס? מיין ברודער תמיד קענט איר דאָך אַלע. ער רעדט און שרייבט, אַזאַ יאָר אויף מיר. אַ סך וואָלטן זיך געווונטשן צו קענען דאָס דאָזיקע, וואָס ער קען. און עס איז קיין חידוש נישט, ער איז דאָך מיינער אַ ברודער... איר געדענקט דאָך ווי ב. איירעס איז דאָ געגאַנגען כּאַדאָראָם מיט אים, ווען ער איז דאָ געווען. און טאָמער האָט אַ טאָג אויף אים נישט גערוט די שכינה, איז ער נישט געזעסן אָן אַ שטאָך אַרבעט. ער האָט זיך געקריגט און בפירוש ליטעראַריש. ווער געדענקט נישט זיין מאַטש מיט ראָזשאַנסקין? היינט זיינע אַטאַקעס אויף דער יעווסעקציע! נו, און דער באַרימטער משפּט אויף יידיש אין ישראל מיט דער באַטייליקונג פון טורקאָוון און באָטאָשאַנסקין? ער האָט דאָך מרעיש עולם געווען. האָב איך דאָך געמעגט וועלן זיינע אַ רעצענזיע. איז וואָס זאָל איך אייך זאָגן. איר פאַרשטייט שוין אַליין, אַז אויף זיין רעצענזיע האָב איך אַרויסגעקוקט מיט טויזנט אויגן. און ווען איך האָב דערזען, ווי ער נעמט מיין אַלבום און זעצט זיך אַנידער אויף אַ שטול און ער קוקט אַריין, האָט מיר דאָס האַרץ גענומען קלאַפּן, אַזוי ווי דעמאָלט ווען מיין געוועזענע כּלה און מיין היינטיק ווייב האָט אויף מיר צום ערשטן מאָל אַ קוק געטאָן. איך האָב זיך אַנידערגעזעצט פון ווייטן און איך האָב כּלומרשט געקוקט גלייכגילטיק אין דרויסן אַרויס, אָבער איך האָב פון אים קיין אויג נישט אַראָפּגענומען. איך האָב נאָכגעפאָלגט זיין יעדער מינע און הוועיה. און ווען מיין ברודער האָט אין מיטן לייענען אַ זאָג געטאָן: „דאָס איז פּרעכטיק, מעשה ידי אמן, טאַקע פון אַן עכטן קינסטלער", האָב איך זיך שוין ניט געקענט באַהערשן און איך בין צוגעגאַנגען אים צו באַדאַנקען.

אָבער — דער מענטש טראַכט און גאָט לאַכט... אַזוי זאָלן זיך אויסלאָזן די גוטע חלומות פון אונדזערע שונאים. הערט אַ מעשה: אין מיין בוך האָב איך, ווי איר ווייסט דאָס שוין, אַ קאַפּיטל וועגן דאַקאַר, די הויפּטשטאָט פון סענעגאַל אין מערב־אַפריקע. האָב איך דאָרט אַריינגעקלעפּט אַ בילד פון אַ נאַקעטער שוואַרצער פרוי, וואָס איר לייב איז אינגאַנצן טאַטואירט. דער גאַנצער קערפּער איז אויסגעברענט. שוואַרצע קענען... איז אָט מיט דער פאָטאָגראַפיע האָט זיך דער תנא ברא מיינער, דער טייערער ברודער אַזוי געקוויקט און אויף איר געזאָגט, אַז זי איז אַ קינסטלערישע אַרבעט...

פונדעסטוועגן האָט ער מיר אָנגעשריבן אַ גוטע רעצענזיע אויך,

דער ברודער מיינער נחמן תמיר. ער האָט זי מיר אָנגעשריבן אין אַ בריוו, וואָס ער האָט מיר געשיקט פון סאַן לויס, נ. אַמעריקע, טאַקע היינטיקס יאָר. און אַזוי ווי ער אַליין וויל, אַז איך זאָל די דאָזיקע רעצענזיע פאַרעפנטלעכן אין מיין בוך, האַלט איך, אז דאָ איז דאָס ריכטיקע פלאַץ זי אַדיינצושטעלן. אָט וואָס ער שרייבט מיר:

„איך האָב איצט געליינט אַ 2טן מאָל דיין בריוו פון 29טן דעצעמבער און ווידער געהאַט פיל הנאה, און איך וועל מן הסתם לייענען דעם בריוו אויך אַ 3טן מאָל, און ווען איך לייען טראַכט איך מיר: אָט איז אַ טאַלאַנט וואָס האָט געקאָנט אַ וועלט פאַר־שיינען מיט הומאָר און סאַטירע און עס ווערט פאַרפאַלן אין בריוו צו אַ ברודער, ביים טיש מיט די „מנגנים" אין קעלער, מיט גרעגאָריאַן און לאַנגערן א. א. וו. שטאַרבן זאָל איך אויב איך מיין דיר קאָמפּלימענטן מאַכן, אָבער אַזוי איז עס. ווי דו ווייסט, ברודער, האָב איך אויך אַ מין נטיה צו דער זעלבער מעשה, אָבער איך בין דאָך ממש אַ הונט אַנטקעגן דיר. היינט שטעל זיך פאָר וואָס וואָלט געווען ווען דו ווידמעסט דעם טאַלאַנט דיינעם אַזוי פיל צייט ווי דעם רומי, למשל? וואָלטן מיר נישט געהאַט אַ צווייטן שלום עליכם, און דווקא פון ארגענטינע?".

וואָרט אַביסל איר זענט נאָך נישט פאַרטיק. דעם ריכטיקן ברוך הבא, ס'הייסט די ריכטיקע רעצענזיע, האָב איך געהאַט פון מיין געוועזענער כלה, מיין ווייב הייסט עס. איך האָב די גאַנצע צייט געקלערט, אז ווער, ווער, אָבער מיין יידענע וועט דאָך זיכער באַוווּנדערן מיין טאַלאַנט, ווער דען, אַז נישט זי? און איך האָב זי אנידערגעזעצט, ווען די קינדער זיינען געווען אין שטוב און איך האָב איר איבערגעליינט די ערשטע פאָר קאַפּיטלען: איך האָב גע־מיינט, אז זי וועט צוגיין און מיר דערלאַנגען דעם ריכטיקן קוש און מיר זאָגן, אז אַ נייער שלום עליכם איז אויסגעוואַקסן. עס איז אָבער אנדערש געווען. זי האָט אַ זאָג געטאָן:

— גרויסער שרייבער מיינער, אויסגעצייכנטער זשורנאַליסט,

— אויף דער מערקאַדע האָסטו? דו ווייסט נישט, אַז אין מאַרק נעמט מען נישט אָן קיין אַרטיקלען? דאַרט וויל מען געלט... ער זוכט זיך גרינגע אַרבעטלעך. גיי בעסער אַרויף אין טאַזשער און מאַך אַ „רע־ליעווע". און אז דו וועסט עפּעס וועלן שרייבן, שרייב בייטאָג, נוץ נישט אויס אומזיסט קיין עלעקטריק. איך שטעל מיר פאָר וויפל מיר וועלן היינטיקן מאָנאַט באַצאָלן פאַר עלעקטריע פון דיינע גליקן.

אַט אַזעלכע אַ רעצענזיעס האָב איך דאָס געהאַט פון מיין איי־
גענעם ברודער און פון מיין אייגענער ווייב. ניין, קינדערלעך, דאָס
איז דאָס ערשטע און דאָס לעצטע בוך מיינס, מער שרייב איך נישט.
און איך ראַט דאָס אַלע מיינע פריינט, וואָס זיינען ביז איצטער ניט
געווען קיין שרייבער, אַז זיי זאָלן נישט נעמען אויף זיך קיין צרות
און זיך נישט מאַכן קיין קאַפּוויטיק. הערט מיין עצה: אַרבעט, עסט,
טרינקט, שפּילט אַ פּאָקער, האָט הנאה און קריכט ניט וווהין מען
דאַרף נישט! פאָלגט אייער אמתן און אויפריכטיקן פריינד —

**יצחק אייזיק מירסקי שרייבער און קריטיקער**

